# יובל־בוך

## לכּבוד 50 יאָר

### שלום עליכם פֿאָלקשולן



שלום עליכם
פֿאָלק
אינסטיטוט

# יובל־בוך

## לכּבוד 50 יאָר שלום עליכם פאָלקשולן

ניו־יאָרק                                   מאַי, 1963

## אינהאַלט

•


לייבוש לעהרער: יידישע דערציאונג אין אַמעריקע — — — — — — — — — — — 1

יודל מאַרק: 50 יאָר שלום עליכם שולן — — — — — — — — — — — — — — 6

שואל גוטמאַן: דער וועג פון אַ שעפערישן מיעוט — — — — — — — — — — — 13

דר. ש. סיימאָן: די חברה תנ״ך — — — — — — — — — — — — — — — — 22

ביים אָנהייב פון דער שלום עליכם שול — — — — — — — — — — — — — — 27

מיר וועלן זיין געדענקען — — — — — — — — — — — — — — — — — — 32

באַריכטן פון צווייגן און שולן — — — — — — — — — — — — — — — — 40

באַגריסונגען — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — 57

פראָגראַם פון ש״ע יובל־קאָנפערענץ — — — — — — — — — — — — — — — 73

ענגלישע אָפּטיילונג — — — — — — — — — — — — — — — — — — — 1—27

 לייבוש לעהרער

# יידישע דערציאונג אין אַמעריקע

די פאָרגעשיכטע פון דער יידיש־וועלטלעכער שול אין אַמעריקע איז פאַר־בונדן מיט אַן עפּיזאָד וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין 1908. דריי יונגע אינטע־ליגענטע יידן — חיים גאָלדבלום, שבתי לערנער און א. שלעגער — האָבן באַשלאָסן צו עפענען אַ יידיש־וועלטלעכע שול אויף זייער אייגענעם חשבון. גראָד האָבן זיי אויסגעקליבן בראָנזוויל פאַר זייער עקספּערימענט. זיי האָבן, ווייזט אויס, ניט געטראַכט וועגן דער ספּעציעלער צוגעפּאַסטקייט פון אַ יידי־שער געגנט צו זייער אונטערנעמונג. סיי־ווי, עס איז באַלד פאַרשפּרייט געוואָרן די נייס אַז מען לערנט דאָרט אָן היטלען. עס איז געפאַלן אַ חשד אַז דאָס איז אַ מיסיאָנערן־שול. די 22 קינדער האָבן זיך לאַנג ניט געהאַלטן, מיט יעדן טאָג זיינען געוואָרן ווייניקער און ווייניקער. דערצו נאָך האָט עמעצער אַריינגע־וואָרפן אַ שטיין, אויסגעבראָכן אַ שויב און פאַרוואונדעט דעם לערער שבתי לערנער. אָט אַזוי האָט זיך געענדיקט די קורצע קאַריערע פון דער ערשטער יידיש־וועלטלעכער שול, אָבער מיט צוויי יאָר שפּעטער האָבן זיך באַוויזן בעסערע טעג ניט בלויז פאַר דער יידיש־וועלטלעכער שול נאָר פאַר יידישער דער־ציאונג אין אַמעריקע בכלל.

דאָס יאָר 1910 פאַרדינט אַן אויסצייכענונג פון מער ווי איין צד אין יידישער דערציאונג. אין יענעם יאָר האָט זיך געעפנט די ערשטע נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע, אָדער יידיש־וועלטלעכע, שול. דאָס איז ניט געווען קיין פּריוואַטע אונטערנעמונג, ווי פון 1908, נאָר אַן אָנהייב אונטער געזעלשאַפטלעכער השגחה. איר פאָטער איז געווען די פּועלי ציון פּאַרטיי און איר איז באַשערט געווען צו זיין דער איניציאַטאָר פון אַ גאַנצער ריי שולן פון זעלביקן טיפּ וואָס אויך אַנדערע אָרגאַניזאַציעס האָבן געעפנט איבערן לאַנד.

אמת, לויט דער צאָל תלמידים וואָס די דאָזיקע שולן האָבן אַרומגענומען זיינען זיי ניט געווען קיין גרויסע כוואַליע אינעם ים פון יידישער דערציאונג, אָבער היסטאָריש איז וויכטיקער דער פאַקט וואָס עס האָט זיך באַוויזן אַ נייער טיפּ שול, אַ נייער צוגאַנג צו יידישער דערציאונג אַנדערע מכשירים, אַ נייער טיפּ לערער.

אין זעלביקן יאָר 1910 איז געשען נאָך עפּעס וואָס האָט געעפנט אַ ניי קאַפּיטל אין יידישער דערציאונג אין אַמעריקע. אינעם דאָזיקן יאָר האָט די דעמאָלט־עקסיסטירנדיקע קהילה אין ניו־יאָרק געעפנט אַ ביוראָ פאַר יידישער דערציאונג און ד״ר שמשון בענדערלי איז געוואָרן דער פירנדיקער כוח פון דער נייער אונטערנעמונג.

ד״ר בענדערלי איז ניט געווען קיין אויסגעשולטער מענטש אויפן דער־ציערישן פעלד, אָבער ער האָט פאַרמאָגט אַנדערע מעלות וואָס האָבן דאָס

אַריבערגעוואויגן. ער האָט פאַרמאָגט אַ פייערדיקע באַגייסטערונג וואָס האָט געוואַרעמט, געוועקט און אָנגעצונדן אַלעמען אַרום זיך. ער איז געווען אַן עקספּערימענטירער פון ערשטן ראַנג; שטענדיק האָט ער געזוכט עפּעס נייס, עפּעס אַנדערש, וואָס קען אויפרודערן און צוציען. ער איז געווען ווייט פון פאָרמעל־רעליגיעזע אָפּהאַלטן וואָס זאָלן אים שטיין אין וועג. זיינע עקספּערימענטן מיט נייע, מאָדערנע לערנביכער, זיין וועלטלעכער צוגאַנג צום העברעאישן לימוד, זיין ניט מאַכן קיין חילוק צווישן יינגלעך און מיידלעך בנוגע דער נייטיקייט פון יידיש וויסן, דאָס, און אַ סך אַנדערע דרכים וואָס צו זיי האָט ער זיך געריסן, האָבן אַרויסגערופן ביטערע מחלוקתן קעגן אים, דער עיקר מצד פרומע יידן. אָבער ער האָט פאַרמאָגט די אומדערשראָקנקייט פון אַ גייסטיקן רעפאָרמירער און איז מיט עקשנות געגאַנגען אויף זיין וועג.

ד״ר בענדערלי האָט ניט אויפגעהערט צו האַמערן אַז יידישע דערציאונג דאַרף זיין די אַחריות ניט פון איינצלנע אָדער גרופּעס נאָר פון דער גאַנצער אָרגאַניזירטער יידישער געזעלשאַפט בכלל, אַחוץ דעם איז וויכטיק צו אַקצענטירן אַז ער האָט זיך אַרומגערינגלט מיט יונגעלייט וואָס האָבן פאַרמאָגט יידישע און אַלגעמיינע בילדונג און זיי איינגעשפּאַנט אין זיינע פּראָיעקטן לטובת יידישער דערציאונג אין אַמעריקע. אַ סך פון זיי זיינען שפּעטער געוואָרן די אָנפירער פון די ביוראָען, קאָמיטעטן פון יידישער דערציאונג אין אַנדערע שטעט, זיי האָבן געוועקט און געמונטערט דעם יידישן כלל און זיך באַמיט אים צוצוציען צו דער דאָזיקער אויפגאַבע.

די אָרגאַניזירטע השגחה אויף יידישער דערציאונג — ווי דער יידישער דערציאונג־קאָמיטעט אין ניו־יאָרק, די אַמעריקאַנער געזעלשאַפט פאַר יידישער דערציאונג, די פריער דערמאָנטע ביוראָען און קאָמיטעטן — האָבן גענומען אונדז געבן כסדרדיקע דעטאַלע אינפאָרמאַציע וועגן שטייגן און פאַלן, און וועגן אַנדערע מאָמענטן אין לעבן פון די שולן. זיי באַקענען אונדז מיט פאַקטן פון אַלע סאָרטן שולן, ישיבות, תלמוד־תורהס, קאָנגרעגאַציע־שולן, זונטיק־שולן, וועלטלעכע שולן, בקיצור, זיי באַזאָרגן אונדז מיט גענוג קוואַנטיטאַטיווע ידיעות וועגן אַלע פאַקטן אין יידישער דערציאונג פון לאַנד.

אין 1958 האָט די אַמעריקאַנער געזעלשאַפט פאַר יידישער דערציאונג, אין איר אַלגעמיינער שטודיע איבערן גאַנצן לאַנד וועגן דעם צושטאַנד פון יידישער דערציאונג, אויסגעפונען אַז אין יענעם יאָר האָבן געלערנט אַרום 550,000 קינדער אין יידישע שולן, דאָס נעמט אַרום אומגעפער 45 פּראָצ. פון אַלע יידישע קינדער פון שול־עלטער. עס איז אויך באַוויזן געוואָרן אַז אַרום 80 פּראָצ. באַזוכן אַ יידישע שול אין אַ געוויסער צייט פון זייער שול־עלטער (17—5).

וועגן די טאָג־שולן, וואָס זיינען שטאַרק אויסגעוואַקסן אין די לעצטע יאָרן, צעטיילן זיך די מיינונגען אויף אַ פּונקט וואָס זיינען ווייט ניט ניי אין יידישער דערציאונג אין אַמעריקע. פון איין זייט זיינען פאַראַן אַזעלכע וואָס האַלטן פאַר שעדלעך דאָס אָפּרייסן זיך פון דער אַלגעמיינער אַמעריקאַנער וועלט ווי זי ווערט רעפּרעזענטירט אין דער פּאָבליק־סקול. פון דער אַנדער זייט קומען

די וואָס פון זיי שרייט אַרויס די זאָרג פאַר יידישער קענטעניש און דעם יידישן גייסט וואָס די נאָכמיטאָג־שול קען ניט געבן אין דער געהעריקער מאָס.

ווי עס זאָל ניט זיין איז אינטערעסאַנט צו וויסן אַז די טאָג־שולן האָבן זיך כסדר פאַרמערט. אין 1943 זיינען געווען 33 טאָג־שולן, אין 1958, 142, וואָס מען זאָל ניט טראַכטן וועגן דער עקסיסטענץ פון טאָג־שולן דאַרף מען פונדעסטוועגן פאַרצייכענען זייער וואוקס אויף דער פאָזיטיווער זייט. עס איז וויכטיק צו געדענקען אַז די פאָזיטיווע פאַקטן אין גאַנג פון יידישער דערציאונג אין אַמעריקע פאַלן צונויף מיט צוויי אומגעהייערע געשעענישן אין יידישן לעבן: די מאוימדיקע קאַטאַסטראָפע אין מזרח־אייראָפּע און דער אויפקום פון אַ יידישער מדינה אין ארץ ישראל. די עלטערן פונעם ערשטן הי־געבוירענעם דור האָבן נאָך געפילט דעם בראָך פון דער אייגענער משפחה אויף יענער זייט ים און האָבן געמוזט אַרייננבערענגען דעם טרויער צו זיך אין דער היים, אפילו צו די אייניקלעך. וויפל וועט דערפון בלייבן ביים וויטערדיקן דור? אַזעלכע זאַכן, ווי גרויס די טראַגעדיע זאָל ניט זיין, קענען ניט שאַפן קיין שטענדיקע סטימולירנדיקע קראַפט אין סאָציאַלן לעבן.

דער כוח פון מדינת ישראל איז עפּעס אַנדערש. אָבער דאָ זיינען פאַרוויקלט אַזוי פיל באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע פאַקטאָרן אַז מען טאָר ניט וואַגן צו זאָגן נביאות. דער גרעסטער כוח וואָס קען ווירקן אויף דורכשניטלעכע עלטערן בנוגע דער יידישער דערציאונג פון זייערע קינדער, ליגט אין דער נאָענט־סטער סביבה אין וועלכער זיי לעבן. די לופט פון דער דאָזיקער סביבה, כדי זי זאָל אָנהאַלטן אַ פערמאַנענטע וואַרעמקייט, מוז פאַרמאָגן אַ טעמפּעראַטור וואָס שטראָמט פון איר אייגענעם קלימאַט, פון די אַטמאָספערישע געשעענישן אינעם לאָקאַלן יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן. עס קען קיין ספק ניט זיין אַז מדינת ישראל וועט זיין אַ שטענדיקער טרייב־כוח אין אַלע תפוצות. אָבער ווי ווייט דאָס קען העלפן אויסשפרייטן דעם דערציאונגס־שטח אין דער יידישער אַמעריקע, דאָס הענגט אָפּ פון צופיל פאַקטאָרן, סיי אין דער מדינה, סיי אין אַמעריקע, וואָס לאָזן זיך ניט פאָרויסזען.

און אונדזער יידיש וויסן מיר פון אַ סך ווערטער וואָס דערציילן אונדז פונעם מאָמענט ווען עס איז שווער צו דערגרייכן וואָס מען וויל, עס איז פאַראַן אַן עיכוב, אַ מניעה, אַ צרה, אַ שטער, אַן אָנשיקעניש, אַ שטיין אין וועג; היינט איז אַלץ „פּראָבלעם״. מדינת ישראל איז אַ פּראָבלעם, יידיש־העברעאיש איז דאָך אַוודאי אַ פּראָבלעם, יידישע דערציאונג איז דאָך זיכער אַ פּראָבלעם.

עס איז פאַראַן אַ שאַרפע נפקא מינה צווישן די עלטערע יידישע ווערטער און דעם וואָרט פּראָבלעם. די ערשטע אַקצענטירן בלויז די שוועריקייט, זיי שטרייכן אונטער די עקסיסטירנדיקע לאַגע נאָר שווייגן אין גאַנצן וועגן אַ מעג־לעכן אויסוועג. אָבער „פּראָבלעם״ איז עפּעס אַנדערש. מיר וויסן פון פּראָ־בלעמען אין אַריטמעטיק, אַלגעברע, געאָמעטריע; דאָרט האָבן מיר אַ לאַגע וואו עס זיינען דאָ שוועריקייטן; עס איז אויך דאָ, נעמט מען אָן, אַן אויסוועג, נאָר מען זעט אים ניט פון אויבן־אויף. די פּראָבלעם איז צו געפינען דעם אויסוועג. אין מאַטעמאַטיק זיינען, פאַרשטייט זיך, פאַראַן פּראָבלעמען אויף וועלכע מען

האָט נאָך קיין ענטפער ניט געפונען, נאָר דער באַגריף פּראָבלעם איז אין זיך כולל ניט בלויז די שווערקייט וואָס מען הייבט אַרויס נאָר אויך דעם צוטרוי אַז אַן ענטפער איז דאָ, כאָטש מען דאַרף אים ערשט אויסזוכן און אַרויסשלעפּן פון זיין באַהעלטעניש.

אין סאַמע פונדאַמענט ליגט אין יידישער דערציאונג אין אַמעריקע ניט קיין פּראָבלעם נאָר אַ לאַגע. דאָס טאָר מען קיינמאָל ניט אַרויסלאָזן פון זינען. נעמט, למשל, די פראַגע פון צייט, פּשוטע פיזישע צייט. די קינדער לערנען אין סקול פינף שעה אַ טאָג. ווען איר רעכנט צו די באַדערפענישן פון שפּילן אין גאַס, מואוויס, היינט איז נאָך צוגעקומען טעלעוויזיע. איצט באַרעכנט וויפל עס בלייבט נאָך פאַר דער יידישער שול.

טייל יידישע שולן האָבן שוין איינגעפירט טאַנצן, שפּילן, קונסט, אַלץ כדי צוצוציען וואָס מער קינדער און כדי בעסער צו ווירקן אויף די עלטערן. אָבער ווי מען זאָל ניט ווענדן מוז דאָס אַלץ אַוועקנעמען צייט פון דירעקטע יידישע לימודים וואָס האָבן סיי ווי צו ווייניק פאַר זיך אַליין. דאָ איז ניט שייך צו זאָגן אַז מען קען זיך קליגן צו געפינען אַן ענטפער. עס איז ניט קיין פּראָ־בלעם, עס איז אַ לאַגע.

אַזוי וואָלט דער צעטל פון „ניט־פּראָבלעמען״ געקענט זיך ציען ווייטער און ווייטער, פאַרשטייט זיך אַז די „לאַגע״ פון דער לאַגע ווירקט אויף דעם אַז דאָרט וואו מען קען עפּעס פאַרלייכטערן, אפילו פאַרענטפערן, ד״ה, דאָרט וואו מיר האָבן באמת צו טאָן מיט פּראָבלעמען, זאָל עס אָנקומען שווערער און פאַדערן אומגעוויינטלעכע עקשנות. כאָטש, ווי אָנגעוויזן, דער וואוקס פון דער צאָל תלמידים אין די לעצטע יאָרן האָט אַ סך צו פאַרדאַנקען אַלגעמיינע, גרויסע געשעענישן אין יידישן לעבן, דאַרף מען אָבער אויך אַריינרעכענען אין חשבון די אינעווייניקסטע אויסבעסערונגען אין שול־פירונג וואָס זיינען גע־מאַכט געוואָרן אין משך פון דער צייט. אין ליכט פון די געוואַלדיקע מניעות וואָס די אַמעריקאַנער סביבה רוקט אַרויס קען מען גיכער אָפּשאַצן ווי שווער עס איז די אַרבעט, ווי אָנגעשטרענגט די מי אויף דער גאַנצער ליניע פון די עקסטרעם־פרומע ביז די וועלטלעכע. עס זיינען געמאַכט געוואָרן גרינטלעכע און ווייט־גרייכיקע אויסבעסערונגען אין לערן־ביכער, אין מעטאָדן, אין צוגרייטן און אויסאַרבעטן פּראָגראַמען, אין אויסער־פּראָגראַם טעטיקייטן. ביז מער צו־געפּאַסטע געביידעס. אין דעם צעטל דאַרף מען אויך אַריינברענגען דעם פאַקט וואָס די קהלשע קאַסעס באַטייליקן זיך אַלץ מער און מער אין פאַרלייכטערן די בודזשעט־שווערקייטן פון די שולן.

די הצלחה פון יידישער דערציאונג הענגט אָפּ פון צוויי פונדאַמענטאַלע דערגרייכונגען: די אָרעמקייט פון היים און גאַס און זייער יידיש פאַרמעגן פאָדערט אַז די שול זאָל שאַפן אַזאַ אַטמאָספערע וואו דאָס קינד זאָל קענען אַריינוואַקסן און זיך פילן באַטייליקט, אין דער גורל־דראַמע פון יידישער עקסיסטענץ. אָן דעם איז יידישער המשך ניט מעגלעך. יידישע דערציאונג איז אויך פאַרבונדן מיט וויסן, אַ סך וויסן. אָן דעם איז קרעאַטיווער יידישער המשך ניט מעגלעך.

די דאָזיקע צוויי מאָמענטן שטרייכן אונטער מיט דער גאַנצער האַרבקייט



די אַדמיניסטראַציע פון ש״ע אינסטיטוט: עס שטייען (פון רעכטס): ש. גוטמאַן, ליפע לעהרער, פּ. קאַמינסקי, א. קאַהען, עדי סאָלאָמאָן, ל. קעניגסבערג, ש. שאַכנער. עס זיצן: פּ. סימאָן, מאַניע אייזענבערג, מאַשע און מ. פּאַרבמאַן, דוד גילדין. עס פעלן אויפן בילד: יעקב בערג, וו. פינק, דר. שלמה סיימאָן, ד. פינקוס, י. מילבויער און נ. זינגמאַן

די געוואַלדיקע שווערִיקייטן צו אַנטוויקלען אַ פּאַסיקן לערער־פּערסאָנאַל פאַר דער יידישער שול. ניט ווייניקער קענען מיר אין דעם אויך דערזען טענדענצן פון דער צוקונפט. אינטענסיווע יידישע דערציאונג אין אַמעריקע פאָדערט אַזאַ מאָס יידישע איבערגעבנקייט און שטענדיקן באַוואוסטזיין פון יידישן תכלית, וואָס בלויז קלענערע צאָלן זיינען זוכה דערצו. איז אונדז באַשערט צו האָבן צוויי סאָרטן שולן: אַזעלכע וואו דאָס לערנען איז קאַרג, אויבנאויפיק, פאַר־לאַנגט ווייניקער צייט און אָנשטרענגונג, און אַזעלכע וואָס באַשטייען אויף מער וויסן, מער צייט פאַר יידישע לימודים, מער טעטיקייטן מיט יידישן אינהאַלט. דער שכל איז מחייב אַז די ערשטע וועלן זיין אין דער מאַיאָריטעט, די צווייטע, אַ מיעוט. אַז דער דאָזיקער מיעוט זאָל ניט זיין צו מיעוטדיק, דאָס איז די שווערע אויפגאַבע פון אַלע וואָס גיבן זיך אָפּ מיט יידישער דערציאונג. אָבער סיי ווי איז גוט צו געדענקען אַז אויב יידן אין גלות ווערן כאַראַקטעריזירט ווי אַ מינאָריטעט אין לאַנד, דעמאָלט איז די יידישע קוואַליטעט פון אָט דעם יידישן לעבן אָפּהענגיק פון אַ מינאָריטעט אין דער מינאָריטעט.

יודל מאַרק

# 50 יאָר שלום־עליכם שולן

מיר האַלטן אַז 50 יאָר שלום־עליכם־שול איז אַ יום־טוב ניט בלויז פאַר דער ענגער משפּחה שלום־עליכמניקעס, נאָר פאַר אַלע, וואָס האָבן אַ לעבעדיקן אינטע־רעס פאַר דער יידישער דערציאונג און פאַר דער יידישער קולטור.

עס איז דאָ אַן אַלט־אַלטע חקירה: וואָס איז געווען פריער? די הון אָדער די איי? ווען עס קומט צום שלום־עליכם־אינסטיטוט, איז די פראַגע פאַרענטפערט. די אייער זיינען געווען פריער. עס זיינען אויפגעקומען אַ צאָל שולן און ערשט דערנאָך איז געוואָרן דער אינסטיטוט. עס איז פּונקט פאַרקערט, ווי ביים פאַר־באַנד און ביים אַרבעטער־רינג. מען דאַרף דאָס אַרויסהייבן גלייך פון אָנהויב, ווייל דאָס גיט אַן אַריינבליק אין די באַזונדערקייטן פון דער שלום־עליכם־ריכטונג. די שולן האָבן קיינמאָל ניט געהאַט קיין גרויסן אָרגאַניזירטן געזעל־שאַפטלעכן כוח הינטער זיך. ווי־זשע האָבן זיי געקענט געבוירן ווערן? עס זיינען געווען די גרונט־אידייען פון אַ דערציאונג אויף און מיט יידיש, עס איז געווען דער אימפּעט פון יונגע טוערס, אין אַ היפּשער מאָס פון טאַטעס, וואָס האָבן געזוכט די פּאַסיקע דערציאונג פאַר זייערע אייגענע קינדער. עס איז געווען ברען און אידעאַליזם, אָבער ניט קיין פּאַרטיי־פּראָגראַם און ניט קיין שום העכערע אינסטיטוציע — אַ פראַטערנאַלע אָדער אַן אַנדערע — וואָס צו איר זאָל מען קענען אָנקומען נאָך הילף, מאָראַלישער אָדער מאַטעריעלער. די שולן האָבן זיך גענומען בויען „אַליין".

די ערשטע יידישע שול אין דער שטאָט ניו־יאָרק האָט אויפגעשטעלט

יואל ענטין. דאָס איז געווען סוף 1910. די שול איז געווען אונטער די פליגלען פון פאַרבאַנד און לויט איר אידעאָלאָגיע נאָענט צו די פועלי־ציון. עס זיינען אַוועק דריי יאָר. אָט די שול האָט עקסיסטירט. עס איז אפשר אייך געווען אַ צווייטע שול פון דעם זעלביקן שניט (דאָ איז שווער צו דערגיין אַ טאָלק). אין נאָוועמבער 1913 איז אַ קליינע גרופּע זיך צונויפגעקומען אין הויז פון דר. יחיאל קלינג און מען האָט באַשלאָסן צו עפענען אַ יידישע שולאין בראָנקס וואָס זאָל זיין אַ ביסל אַנדערש — זי זאָל זיין זעלבסטשטענדיק. ניט זיין געבונדן מיט קיין שום אָרגאַניזאַציע. פון וואַנען איז געקומען אָט דער געדאַנק? פון סאַמע אָנהויב פון דער שול־באַוועגונג איז געווען אַ שותפות צווישן די פועלי־ציון און די עס־טי (סאָציאַליסטן־טעריטאָריאַליסטן). אָט די טעריטאָריאַליסטן זיינען גיך געוואָרן אומצופרידן מיט זייערע שותפים. קיין פעסטע און דויערהאַפטיקע אָרגאַניזאַציע האָבן די דעמאָלטיקע טעריטאָריאַליסטן ניט באַוויזן אויפצו־שטעלן. צום טייל איז מען געוואָרן סתם אומפּאַרטייאיש־יידישיסטיש. די איינ־ציקע און אומדירעקטע שטאַנדהאַפטיקע ירושה פון די עס־טיניקעס איז גע־בליבן די שלום־עליכם־שול.

דער נאָמען שלום־עליכם־שול איז געקומען ערשט דריי יאָר נאָך דער גרינדונג. נאָך דעם טויט פון אונדזער גרויסן הומאָריסט און עכטן פאָלקס־שרייבער אין מאַי 1916, האָט דער לערער לעאָן עלבע פאָרגעלייגט: לאָמיר אָנרופן אונדזער שול אויף דעם ליכטיקן נאָמען שלום־עליכם! עס האָט לאַנג ניט געדויערט, עס איז אויפגעקומען אַ צווייטע שול, און אַ דריטע. עס זעט אויס, אַז עס זיינען שוין געווען פינף אַזעלכע שולן, ווען דער לערער פון דער דריטער שול, לייבוש לעהרער האָט פאָרגעלייגט: לאָמיר שאַפן אַן אינסטיטוט פון און פאַר די דאָזיקע שלום־עליכם־שולן. דאָס איז געשען אין 1918. אויב מען וועט וועלן, וועט מען אין פינף יאָר אַרום ווידער קענען פייערן אַ יובל.

די גרינדערס פון די שולן און פון אינסטיטוט האָבן זיך אויסגעצייכנט אי מיט איבערגעגעבנקייט צו דער אַרבעט אי מיט אַלץ נייע און נייע איינפאַלן. מען האָט כסדר אויסגעברייטערט און פאַרטיפט די טעטיקייטן אין און אַרום די שולן. אין אָנהויב איז דאָס געווען נאָר אַ שבת־און זונטאָג־שול (אָבער מיט פיר שעה יעדן טאָג); אין 1917 האָט מען אָנגעהויבן לערנען דריי מאָל אַ וואָך, אַ יאָר שפּעטער — פינף און אפילו זעקס מאָל אַ וואָך. שוין אין 1917 האָט מען געלערנט דעם גאַנצן זומער. דערביי האָט מען דורכגעפירט פאַרשיידענע עקס־קורסיעס מיט די קינדער. דערפון איז אין 1919 געבוירן געוואָרן דער געדאַנק וועגן אַ זומער־קעמפּ, און דער געוואַלדיק ענערגישער לערער פייוול האַלמשטאָק האָט אים אָרגאַניזירט אויף אַ פּרימיטיוון אופן, איןביידלעך. די קינדער אַליין האָבן צוגעקלערט דעם נאָמען „בויבעריק״. נאָך פריער, שוין אין 1919 האָט דער לערער פייוול האַלמשטאָק געלייגט דעם יסוד פאַר דער מיטלשול, דער ערשטער יידישער מיטלשול, אין 1920 האָט דער אינסטיטוט אָנגעהויבן אַרויס־צוגעבן דעם „קינדער־זשורנאַל״, דעם ערשטן פון דעם מין אויף דעם קאָנ־טינענט.

ווי אַזוי איז דאָס אַלץ מעגלעך געווען? עס זיינען געווען וואונדערלעכע




דער 50־יאָריקער יובל־באַנ




— אין בילטמאָר־האָטעל

טוערס און גייסטרייכע לערערס. מיר האָבן שוין דערמאָנט דריי נעמען פון לע־רערס־ראשונים. ווי דער ערשטער צווישן די טוערס קומט דאָ יהושע קאַמינסקי. ער האָט פאַרפּלאַנצט וואָס מער שולן. ניט אַלע שולן איז געווען באַשערט צו לעבן לאַנג. אָבער דאָס איז דאָך דער גורל פון יעדן פּלאַנצער. זיין איניציאַטיוו איז געווען אומעטום און עס האָט געשפּרודלט פון אים מיט ענערגיע. דער ערשטער פאָרזיצער פון אינסטיטוט איז געווען דר. יחיאל קלינג, דערנאָך דר. עלסבערג, דער נאָענטער פריינד פון דר. חיים זשיטלאָווסקי. אַגב האָט דר. זשיטלאָווסקי זיך געפילט נאָענט צום אינסטיטוט און די טוערס און לערערס פון אינסטיטוט נאָענט צו אים, ביז ער האָט זיך „אויסגעלינקט" אין די דרייסיקער יאָרן.

אַזוי ווי די שלום־עליכם־שולן האָבן ניט געהאַט איבער זיך קיין דרוק פון אַ פּאַרטיי אָדער פון אַ גרויסער געזעלשאַפטלעכער אָרגאַניזאַציע, זיינען זיי גע־ווען פריייער זיך אָפּצוגעבן מיט די דירעקטע פּראָבלעמען פון דערציאונג. די שול איז אין דער ערשטער ריי פאַר דעם קינד און זי מוז זיך צופּאַסן צו זיינע אינטערעסן — אַזוי האָט דעמאָלט געלערנט די אַלגעמיין־אָנגענומענע פּראָגרע־סיווע שיטה אין דערציאונג. פריער פון אַלץ און בולטער פון אַלץ האָט עס געפונען אַן אָפּקלאַנג אין די שלום־עליכם־שולן. האָבן זיי די ערשטע איינגעפירט געזאַנג, און טאַנצן, און מאָלן. זיי האָבן געשאַפן אַרום די שולן קינדער־קלובן. זיי האָבן געהאַט דעם ערשטן קינדער־כאָר. זיי האָבן זיך געלאָזט אויף פּאַר־שיידענע, אויך גאַנץ מוטיקע עקספּערימענטן. שוין אין די צוואַנציקער יאָרן האָט דער אינסטיטוט געפירואווט שאַפן אַ טאָגשול, וואָס האָט זיך אָבער גיך ליקווידירט. אַ גרויסע אונטערנעמונג איז געווען די היימשול אין פלעינפילד, ניו־דזשורזי, אָנגעפירט פון ישראל שטיינבוים. נאָך שיינע דערגרייכונגען, אָבער נאָך ביטערע ראַנגלענישן מיטן שווערן בודזשעט, האָט דער אינסטיטוט געמוזט אויפגעבן די היימשול. אַ סך שפּעטער האָט מען, סוף די פערציקער יאָרן, גענומען אַנטוויקלען אַ טאָגשול אין בענסנהורסט. מען האָט אויפגעבויט אַ שיינעם בנין. אַ סך האָפענונגען און אַ סך באַמיאונגען האָט מען אַריינגעטאָן אין אָט דעם גרויסן פּראָיעקט, וואָס האָט דאָך אין לעצטן סך־הכל זיך ניט איינ־געגעבן. מיר זעען דאָ אָבער פון סאַמע אָנהויב ביז דורך דער גאַנצער גע־שיכטע פון די שולן איניציאַטיוו און אונטערנעמערישקייט מצד דער קליינער גרופּע אַרום דעם אינסטיטוט.

דער שלום־עליכם־אינסטיטוט איז ניט געוואָרן קיין אָרגאַניזאַציע מיט אַ סך מיטגלידער. גיכער איז ער ענלעך אויף אַ משפחה מיט אַ סך וואַרעמקייט. אָבער מיט אַ געוויסער אָפּגעשלאָסנקייט. אין אַ משפחה קען מען זיך אַמאָל קריגן און זיך אַרומטראָגן מיט פּאַראיבלס, אָבער אין אַ משפחה איז ניט שייך קיין שפּאַלטונג איבער אידעאישע שטרייטיקייטן. אין די צוואַנציקער יאָרן, ווען די שטימונגען אויף דער יידישער גאַס זיינען געוואָרן אַלץ לינקערע, איז פּאָרגע־קומען די גרויסע שפּאַלטונג אין די אַרבעטער־רינג־שולן. אין די שולן פון אינסטיטוט זיינען דעמאָלט געווען אַ סך לינק־געשטימטע לערערס און טוערס, אָבער די גאַנצקייט איז דאָך אויפגעהיט געוואָרן. אין דער ערשטער ריי האָט מען עס צו פאַרדאַנקען לייבוש לעהרערן וואָס איז די צענטראַלע געשטאַלט פון דעם שלום־עליכם־אינסטיטוט.

אין 1927 האָט לייבוש לעהרער פאַרעפנטלעכט זיין בוך „די מאָדערנע יידישע שול״, וואו ער אַנטוויקלט די טעאָריע פון דער שול וואָס דאַרף זיין איבער־פּאַרטייאיש און דינען דער גאַנצער יידיש־וועלטלעכער סביבה. אין דעם זעלביקן יאָר האָט מען אויף דער קאָנפערענץ פון אינסטיטוט אָנגענומען אַ פּרינציפּן־דערקלערונג אינגאַנצן לויט לעהרערס ליניע. לייבוש לעהרער איז אויך יאָרן־לאַנג געווען דער דירעקטאָר פון דער מיטלשול, וואו ער האָט איינגעפירט אַ צאָל וויכטיקע לימודים. זינט 1922 איז ער דער דירעקטאָר פון קעמפּ „בויבעריק״ און ער האָט דאָרטן איינגעשטעלט יידישלעכע לעבנס־פאָרמען. ער האָט געשפּילט אַ קאָנטיקע ראָלע אין דעם קער צום טראַדיציאָנאַליזם.

די געשיכטע פון די 50־יאָר־שלום־עליכם־שולן צעפאַלט זיך אויף צוויי גלייכע טיילן: די ערשטע 25 יאָר ביז 1938 און די לעצטע 25 יאָר. אין דער ערשטער העלפט זיינען געווען וואַקלענישן, אָפּהענגיק פון די שטימונגען פון דער צייט. גאָר אין אָנהויב האָט מען יאָ געלערנט העברעאיש און געלייגט אַ סך אַכט אויף די יום־טובים. אין די צוואַנציקער יאָרן איז מען געוואָרן ראַדיקאַלער. מען האָט העברעאיש גאָרניט געלערנט אין דער פאָלקשול און די וועלטלעכקייט איז געוואָרן אַ קעלטערע, אַן אויסגעליידיקטע. אין די דרייסיקער יאָרן האָט די שטימונג ביסלעכוויז גענומען זיך בייטן. דער איבערבראָך איז געווען אויף דער קאָנפערענץ פון 1938, ווען מען האָט באַשלאָסן איינצופירן דעם לימוד חומש אין דער פאָלקשול און בכלל איינגעשטעלט אַ פּרינציפּיעל פּאָזיטיווע באַציאונג צו יידישע לעבנס־פאָרמען. דערנאָך האָט מען איינגעפירט אויך העברעאיש אין דער פאָלקשול. לויט איר גייסט איז איצט די שלום־עליכם־שול אַן אַנדערע ווי זי איז עס געווען מיט 40 אָדער אפילו מיט 30 יאָר צוריק.

דער אינסטיטוט האָט נאָר איין ציל: די שול. אָבער דער ענין שול ווערט באַנומען גאַנץ ברייט. פאַר די קינדער פון אַלע יידישע שולן האָט מען נאָך מיט 42 יאָר צוריק גענומען אַרויסגעבן דעם „קינדער־זשורנאַל״. זיינע רעדאַקטאָרן זיינען געווען שמואל ניגער, דר. שלמה סיימאָן און איצט ליפע לעהרער (ער איז כמעט די גאַנצע צייט געווען דער טעכנישער רעדאַקטאָר). דער פאַרלאַג „מתנות״, אויך אָנגעפירט פון ליפע לעהרער, האָט אַרויסגעגעבן ניט בלויז לערן־ביכער אָדער לייען־ביכער פאַר קינדער, נאָר אַ צאָל וויכטיקע ווערק פון גרויסע שרייבערס.

איבערנעמען אָדער מאָדיפיצירן יידישע לעבנס־פאָרמען איז אויך געוואָרן די זאָרג פון דעם אינסטיטוט. אַ צאָל שולן האָבן אַן עונג־שבת ניט בלויז פאַר די קינדער, נאָר אויך פאַר די טוערס און די עלטערן. דאָ צייכנט זיך באַזונדער אויס די שול 15, וואָס איר גייסטיקער פירער איז דר. שלמה סיימאָן. כמעט יעדע שול איז אין תוך אַ קולטור־צענטער פאַרן קרייז אַרום איר. אין דעם נייעם און שיינעם בנין פון שול 21, וואו דער לערער איז משה גאָלדשטיין, איז לעבעדיק מיט אַ סך לעקציעס און קולטור־אונטערנעמונגען. אַרומגעוואַקסן מיט עלטערן־טעטיקייטן איז די שול 45, וואו די לערערין איז אסתר קאָדער.

מיר האָבן דערמאָנט בלויז עטלעכע נעמען פון די שלום־עליכם־לערערס. די פולע רשימה, אויב זי לאָזט זיך נאָך צונויפשטעלן, וואָלט געווען זייער אַ שיינע.

השובע שרייבערס זיינען יאָרן־לאַנג געווען לערערס אין די שולן. אפילו דער איצט פאַרשטאָרבענער נשיא פון מדינת ישראל בן־צבי ע״ה... איז אויך געווען אַ לערער אין אַ שלום־עליכם־שול. ער האָט עס מיר אַליין דערציילט, ווען מען האָט אים אין 1947 מיך פאָרגעשטעלט, ווי דעם קאָנסולטאַנט פון די שלום־עליכם־שולן. דער פעדאַגאָגן־ראַט, זיין איצטיקער פאָרזיצער איז ישראל גויכבערג, וואָס זאָרגט וועגן דעם קוריקולום און וועגן די דערגרייכונגען פון די שולן. עס קומען פאָר רעגלמעסיק אַלגעמיינע עקזאַמענס צום סוף פון יעדן זמן. דאָס אַלץ איז געבויט אויף זעלבסט־דיסציפלין.

די אָנפירונג, די השגחה איבער אַלע טעטיקייטן פון די שולן איז אין די הענט פון דעם אינסטיטוט. במשך פון 45 יאָר האָט ער געהאַט אַ צאָל ענערגישע סעקרעטאַרן. מיר דערמאָנען בלויז שלמה בערקאָוויטש, מ. בזשאָזע, און — להבדיל בין החיים והמתים — דעם איצטיקן סעקרעטאַר שואל גוטמאַן, וואָס פאַרנעמט אָט דעם פאָסטן די לעצטע 14 יאָר. דער פרעזידענט פון אינסטיטוט איז במשך פון די לעצטע יאָרן דער קולטור־טוער יעקב־דוד בערג, וואָס איז פאַרבונדן מיטן אינסטיטוט שוין גאַנצע פערציק יאָר. מיר זיינען געווען זייער קאַרג מיט דערמאָנען נעמען. מיר טאָרן אָבער צווישן דער גרויסער גאַלעריע איבערגעגעבענע מענטשן ניט דורכלאָזן אַזעלכע טוערס ווי דוד שיין און ווי משה גורין. אַלע אַנדערע וויכטיקע טוערס דאַרפן דערמאָנט ווערן אין אַ געשיכטע פון די שולן און פון אינסטיטוט, וואָס גראָד איצט איז די צייט זיך צו נעמען צו איר.

אַרום דעם אינסטיטוט איז פאַראַן אַ גרופּע יינגערע מענטשן. ס׳רוב געוועזענע תלמידים. זיי זיינען אין דער פאַרוואַלטונג פון „בויבעריק״, זיי זייַנען אין דער שול־קאָמיסיע, און אין זייערע הענט וועט אַריבערגיין די אָנפירונג פון אינסטיטוט. בכן, קען דער שלום־עליכם־אינסטיטוט ניט בלויז מיט שטאָלץ באַטראַכטן דעם דורכגעגאַנגענעם וועג אין פאַרלויף פון אַ האַלבן יאָרהונדערט, נאָר אויך רואיק טראַכטן וועגן דער צוקונפט, וואָרעם עס איז פאַראַן אַן אָפּבייט. עס איז פאַראַן וועמען איבערצוגעבן דאָס, וואָס מען האָט דורכגעטראָגן און דורכגעליטן אין אויך דאָס, וואָס מען האָט דערגרייכט און אויפגעטאָן.

די פופציק יאָר שלום־עליכם־שולן — דאָס איז אַ שיינער קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון יידישער דערציאונג און פון יידישער קולטור־אַרבעט.

שואל גוטמאַן

# דער וועג פון אַ שעפערישן מיעוט

## אַ קיצור פון באַריכט צו דער יערלעכער קאָנפערענץ פון שלום־עליכם פאָלק־אינסטיטוט, אָפּגעהאַלטן דעם 26טן מאַי, 1962 אין אַסטראַן־הויז, ניו־יאָרק, נ. י.

אונדזער קאָנפערענץ קומט זיך צוזאַמען אין אַ צייט ווען אין דער אַמעריקאַנער גאַס קומט פאָר אַן איבערשאַצונג פון נאַציאָנאַלע צילן, פון ווערטן און פון דערציאונגס־פילאָסאָפיעס. לעצטנס האָט דער פעדעראַלער קאָמישאָנער פון דערציאונג, ס. מ. מאקמאַרין דערקלערט צו אַ קאָמיסיע פון קאָנגרעס אָט וואָס: „מיר זיינען דורכגעפאַלן ביים איינשטעלן און אָנהאַלטן אַ דערציאונגס־פּראָגראַם פון אַזאַ קוואַליטעט אויף וועלכער מיר זיינען פעאיק און וואָס איז דרינגענד נויטיק פאַרן וואוילזיין פון אונדזער פאָלק". ער האָט אונטערגעשטראָכן אַז „מיר זיינען שולדיק וואָס מיר זיינען אָפּט געגאַנגען אויף אַ וועג פון אומגעוויינלעכער גרינגקייט און באַקוועמלעכקייט אין אונדזער דערציאונגס־פּאָליטיק און פּראַקטיק... צו אָפּט האָבן מיר מקריב געווען פּערפעקציע צו מיטלמעסיקייט, ווייל מיר האָבן נישט געוואָלט באַצאָלן דעם פּרייז וואָס שלימות פאַרלאַנגט — שטרענגקייט, דיסציפּלין און באמת שווערע אַרבעט". דאָס איז אַן אַליין־קריטיק וואָס איז ווערט צו געדענקען ווען מיר טראַכטן וועגן יידישער דערציאונג.

אין אונדזער אייגענער יידישער וועלט אין אַמעריקע זעען מיר אַז דער צווייטער און דריטער דור אַמעריקאַנער יידן ווייזן אַרויס אַן אינטערעס אין יידישן קיום. בעת אַ סך פון זיי זיינען צעטומלט וועגן דעם אינהאַלט פון יידישקייט, זוכן זיי פונדעסטוועגן אַ שליסל צו דער יידישער ירושה, און די דאָזיקע זוכונגען זיינען דערמוטיקנדיק. אַמעריקאַנער יידן קאָנצענטרירן אַלץ מער זייער אויפמערקזאַמקייט אויף אינעווייניקסטע קולטורעלע און דערציערישע אויפגאַבן.

אין דער אַלגעמיינער און יידישער ראַם אָפּערירן מיר, און פון דעם קוקווינקל וועל איך אָנהייבן מיין באַריכט.

מצב פון שולן: אַלע אונדזערע שולן האָבן זיך געעפנט אין אָנהייב פון שול־יאָר.

ש"ע שול נומ 15, אין ברוקלין, האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ ברייטער פּראָגראַם פון קולטור־אַקטיוויטעטן, צווישן וועלכע ס'זיינען די תנ"ך־געזעלשאַפט, לעקציעס, סימפּאָזיומס, א.אַז.וו. דר. שלמה סיימאָן איז דאָרטן דער גייסטיקער פירער און איז אַקטיוו אין דער פאַרוואַלטונג. ש"ע שול נומ. 21, בראָנקס, צוליב דער נייער געביידע וואָס איז אויפגעבויט געוואָרן מיט אַ יאָר צוריק, איז זי געוואָקסן נומעריש, אין סכום פון אירע קולטורעלע אונטערנעמונגען און פייערונגען. קורסן פאַר דערוואַקסענע אויפן נאָמען פון שול־טוער ה. הילדעס

זיינען דערעפנט געוואָרן אין יידיש, אין מאָדערנער יידישער ליטעראַטור, אין יידישן געדאַנק. ש״ע שול נומ. 34, ברוקלין, האָט אָנגעשטעלט אַ נייע לערערין — שושנה דאַוויד, און דערמיט האָט זיך אָנגעהויבן אַ באַרג־אַרויף סיי אין דער צאָל קינדער, סיי אין קולטור־אַקטיוויטעטן פאַר דערוואַקסענע. ש״ע שול נומ. 44, פלאַשינג, האָט זיך אַריינגעצויגן אין אַ נייער דירה. ס׳זיינען צוגעקומען קינדער און די פּערספּעקטיוו פאַרן ווייטערדיקן וואַקסן פון דער שול איז גאַנץ גוט. זיי גייטיקן זיך אָבער אין פירערשאַפט. ש״ע שול נומ. 45, בראָנקס, די שול קומט ביסלעכווייז צוריק צו נאָרמאַלקייט, נאָכדעם ווי דער שאָסיי און די גאַנצע געגנט איז אויפגעבויט געוואָרן. דעם קריזיס איז מען בייגעקומען און די עלטערן נעמען ביסלעכווייז איבער די פירערשאַפט פון דער פאַרוואַל־טונג. איינטאָגיקע שולן — דעם יאָר, צום ערשטן מאָל האָבן מיר אויסגעאַרבעט אַלגעמיינע טעסטן פאַר די זונטיק־שולן אין יידיש און געשיכטע. מיר וועלן אין גיכן אָפּשאַצן די געגעבענע טעסטן און אַזוי אַרום זיך דערוויסן וועגן די דערגרייכונגען פון די קינדער.

## דאָס אַלגעמיינע בילד אין אונדזערע שולן

אין עטלעכע שולן האָט די צאָל קינדער זיך פאַרקלענערט: אין די שולן 19, 35 און 2. אין עטלעכע איז די צאָל געוואַקסן: אין די שולן 5, 15, 21, און 44. לויט דער לעצטער אַנקעטע וואָס מיר האָבן דורכגעפירט אין דעצעמבער, זיינען דעם זמן געווען אין די שולן 744 קינדער, אין 3־ און 5־טעג־שולן — 427; און אין די זונטיק־שולן 317. אין מיטלשול — 56 קינדער, אין קינדער־גאָרטנס — 75 קינדער; צוזאַמען — 876 קינדער. די פּערספּעקטיוו צו פאַרגרעסערן די צאָל קינדער אין די שולן: 5, 7, 15, 21, 34, 44 און 45 — איז גוט. מיט אַ ביסל ענערגיע און פאַנטאַזיע קען מען פאַרגרעסערן די צאָל קינדער אויך אין די אַנדערע שולן.

## שלום־עליכם פרויען־אָרגאַניזאַציע

ווי איר ווייסט, סובסידירט די שלום־עליכם פרויען־אָרגאַניזאַציע די קינדער־גאָרטנס, און זי גיט סטיפּענדיעס צו גראַדואַנטן פון אונדזערע שולן וואָס גייען אַריין אין מיטלשול — אין אָנדענק פון שרה ליבערט. דעם יאָר האָבן די פרויען דורכגעפירט די דאָזיקע אונטערנעמונגען: אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג, אַ ראָמעדזש, און אַ יערלעכן לאָנטשאָן ביי וועלכן עס זיינען אויפגעטראָטן באַקאַנטע פערזענלעכקייטן.

## קינדערגאָרטן און פאָרשול־קלאַסן

ווי באַקאַנט פירט געלע פישמאַן אָן מיט דער אַרבעט פון די קינדערגאָרטן און פאָרשול־קלאַסן. שול נומ. 1, האָט אַ ניי אָרגאַניזירטע קינדערגאָרטן־גרופּע מיט בעלאַ גאָטעסמאַן ווי די לערערין. ווי אַ רעזולטאַט פון אָט דער קינדער־גרופּע האָבן זיך אַ צאָל עלטערן פאַראינטערעסירט, און זיינען געוואָרן אַקטיוו

אין דער שול, אין שול 7, פערט־עמבאָי, איז דאָ אַ 5־טאָגיקער קינדערגאָרטן. אין שול 15, קומען די קינדער 3 מאָל אַ וואָך אין קינדערגאָרטן.

אין שול 21 האָט זיך די רעגיסטראַציע מער ווי פאַרטאָפּלט דעם יאָר. זיי האָבן אַ פאָרשול־קלאַס וואָס קומט 2 מאָל אַ וואָך. אין שול 35 איז דאָ אַ פאָר־שול־קלאַס.

אין שול 38, מאָונט ווערנאָן, איז דאָ אַ פאָרשול־גרופּע. אין שול 44 איז אויך פאַראַן אַ פאָרשול־גרופּע. זיצונגען פון אַלע קינדערגאָרטן־ און פאָרשול־קלאַס־לערערינס זיינען פאָרגעקומען יעדן חודש. די לערערינס האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט, געטיילט זייערע דערפאַרונגען, נייע מעטאָדן, אויסגע־אַרבעט פּלענער פאַר נייע פּראָיעקטן. בעלאַ גאָטעסמאַן האָט אַ היפּש ביסל צוגעגעבן צו דעם דערפאָלג פון די זיצונגען פון די לערערינס, מיט צוגרייטן אַ ריי לידער, וואָס זי האָט אַליין פאַרפאַסט.

אין דער מיטלשול (די פאַראייניקטע מיטלשול פון פאַרבאַנד און שלום־עליכם פאָלק־אינסטיטוט).

דער אונטערשייד אין וויסן פון יידיש און העברעאיש צווישן די גראַ־דואַנטן פון די 3־ און 5־טאָג־שולן, מאַכט פאַר כמעט אוממעגלעך צו שאַפן האָמאָגענע קלאַסן. מיר קענען די קלאַסן נישט צעטיילן לויט די קענטענישן, ווייל די גרופּעס וועלן זיין צו קליין. פונדעסטוועגן האָבן מיר באַוויזן צו געבן אַן אינטענסיוון קורס — אַלע תּלמידים. 10 קינדער גראַדואירן היינטיקס יאָר.

## פּעדאַגאָגישע דערגרייכונגען און סטאַנדאַרדן

אונדזער פּעדאַגאָגישע קאָמיסיע איז באַשטאַנען פון די ח״ח יודל מאַרק, מ. גאָלדשטיין, ש. גוטמאַן און י. נאָסקאָוויץ. מיר האָבן באַזוכט די ווייטערדיקע שולן היינטיקס יאָר: 5, 7, 21, 34, 35, 44 און 45. כאָטש אַלע אונדזערע לערער דערגרייכן מיט די קינדער דעם מאַקסימום, פילט זיך דאָך אַן אונ־טערשייד אין די קענטענישן פון די 5־ און 3־טאָגיקע שולן, א סילאַבוס איז געוואָרן אַ מוז־זאַך כדי צו הייבן דעם סטאַנדאַרד פון יידיש. י. גויכבערג איז דער פאָרזיצער פון דער פּעדאַג. קאָמיסיע.

## שול־אַקרעדיטאַציע

שול־אַקרעדיטאַציע איז אַ מעטאָד פון העכערן דעם סטאַנדאַרד אין אונ־דזערע שולן. מיט 5 5יאָר צוריק האָט דער יידישער דערציאונגס־קאָמיטעט אין ניו־יאָרק אָנגעפאַנגען אַ פּראָגראַם פון אַקרעדיטירן שולן וועלכע קומען נאָך באַשטימטע סטאַנדאַרדן וואָס שייך אָרגאַניזאַציע, אַדמיניסטראַציע און פּראָגראַם. אַקרעדיטירן אַ שול מיינט עפּנטלעכע אָנערקענונג און ס׳דינט ווי אַ סטימול פאַר אַנדערע שולן וועלכע האָבן, צוליב פאַרשיידענע סיבות נאָך ניט געקענט דאָס טאָן.

ס׳איז דאָ אַ „שול־אָפּשאַצונג־טעסט״ וואָס איז דער אינסטרומענט צו מעסטן די סטאַנדאַרדן און דערגרייכונגען פון די שולן. מיר וועלן דאַרפן גרינדן אַן אַקרעדיטירונגס־קאָמיסיע, באַשטימען די סטאַנדאַרדן און די פּראָצעדור. היינט

צו טאָג האָבן די פעדעראַציע פון רעפאָרם־סינאַגאָגן, די פאַראייניקטע סי־נאַגאָגן (קאָנסערוואַטיוון) און די תלמוד־תורה־קאָמיסיע אַקרעדיטירט געוויסע שולן. ווען אַ שול איז אַקרעדיטירט מיינט עס פשוט אַז זי קומט נאָך דעם מינימום סטאַנדאַרד וואָס איז באַשטימט געוואָרן פון איר ריכטונג. דורך אַקרע־דיטאַציע קענען מיר העכערן דעם קוואַליטאַטיוון ניוואָ פון די שולן. דער סטאַטוס פון אַן אַקרעדיטירטער שול איז אונטערגעוואָרפן אַ יערלעכן איבערזיכט.

מיר דוכט אַז ס׳איז געקומען די צייט ערנסט צו באַטראַכטן אַקרעדיטירונג פון אונדזערע שולן ווי אַ סטימול צו העכערן דעם ניוואָ פון די לימודים. אין צוגאָב צו אַקרעדיטאַציע און אַ סילאבוס פאַרן לימוד פון יידיש (פאַר געשיכטע האָבן מיר אַ סילאבוס), דאַרפן מיר פעריאָדיש רעווידירן די טעקסט־ביכער, שאַפן נייע פעדאַגאָגישע מאַטעריאַלן וואָס זיינען אין הסכם מיט די געענדערטע באַדינגונגען פאַר די קינדער און מיט די נייסטע אויסגעפינסן פון סאָציאַלע וויסנשאַפטלער אין שייכות צו דערציאונגס־פילאָסאָפיעס, מעטאָדן און אינ־דאָקטרינירונג.

יידישע געשיכטע איז אפשר דער בעסטער לימוד צו פאַרפלאַנצן אין די קינדער יידישע ווערטן, און איז אויך דער לייכטסטער אופן צו פאַרבינדן דאָס קינד מיט דער דריי־טויזנט־יאָריקער יידישער ברודערשאַפט פון נביאים, פּאָעטן, חכמים און געלערנטע. די יידישע געשיכטע, ווען עס לערנט זי אַן אינספּירירטער לערער, וועט העלפן פאַרוואָרצלען אונדזערע קינדער אין דעם יידישן גייסטיקן באָדן, און וועט מיטהעלפן צו פאַרוואַנדלען דאָס קינד אין אַן אַקטיוון מיטבאַטייליקטן אין אַמעריקאַנער יידישן לעבן.

אָבער די יידישע געשיכטע איז גלייכצייטיק אַן אומגעהויער גרויסער געוועב פון פערזענלעכקייטן, געשעענישן, באַוועגונגען, קיבוצים און שטרע־מונגען. עס איז פון געוואַלדיקער וויכטיקייט פאַרזיכטיק אָפּצוקלייבן פון דער דריי־טויזנט־יאָריקער דערפאַרונג וואָס עס איז באַדייטונגספול פאַר אונדזער צייט. עס איז וויכטיק צו וויסן וואָס צו באַטאָנען אין דער געוואַלדיקער אוניווערסאַלער דראַמע, און ווי אַזוי צו אינטערפּרעטירן יעדע שפּעטערישע פערזענלעכקייט, און יעדן פעריאָד.

אָט איז אַ ביישפּיל וואָס אילוסטרירט דעם געדאַנק: 1) מאַקאַבייער זיינען אויפגעשטאַנען תחית־המתים ערשט נאָך דעם ווי ס׳איז אויפגעקומען די מאָ־דערנע נאַציאָנאַלע באַוועגונג ביי יידן; ביז דעמאָלט האָט מען מער אונ־טערשטראָכן דעם נס מיטן קריגעלע בוימל ווי די העלדישקייט פון די חשמונאים, 2) אויך די וועלטלעכע פּאָעזיע פון דער גאָלדענער תקופה אין שפּאַניע איז גע־קומען צום לעבן אין דעם מאָדערנעם פעריאָד פון וועלטלעכער יידישקייט. די יידישע פּאָעזיע אין אַמעריקע, — וואָס איז אפשר דער גרעסטער שפּעטערי־שער אויפטו פון היגע יידן, — ווערט איגנאָרירט פון די אָפיציעלע אַמעריקאַנער יידישע היסטאָריקער. אָבער צי הייסט עס לערנען יידישע געשיכטע אין אַמעריקע ווען מען לאָזט אויס דאָס וויכטיקסטע קאַפּיטל?! אין איצטיקן מאָמענט איז נישט פאַראַן קיין פּאַסיקער טעקסטבוך פאַר יידי־שער געשיכטע נישט פאַר דער עלעמענטאַר־שול און נישט פאַר דעם מיטל־שול. דאָס איז אַן אויפגאַבע מיט וועלכער מיר דאַרפן זיך באַלד אָפּגעבן.

## באַלאַנס פון יאָר. מינוסן און פּלוסן

אַן איין־מענטש־אָפּיס פּערסאָנאַל קען ניט דערליידיקן אַלע אויפגאַבן וואָס מען דאַרף דערליידיקן, און אַלע פּראָבלעמען וואָס פאַרלאַנגען אויפמערקזאַמקייט. באַנקעטן, מיטגלידער־קאַמפּאַניעס, טעאַטער־פאָרשטעלונגען נעמען נאָך אַלץ צו צופיל צייט און לאָזן נישט איבער גענוג צייט אויף די תוכיקסטע פּראָבלעמען אין די שולן. מיר האָבן שוין אַ סך מאָל אָנגענומען רעזאָלוציעס צו פאַרגרע־סערן דעם סטעף, אָבער דערווייל האָבן מיר צוליב מאַנגל אין געלט־מיטלען נישט געקענט דורכפירן דעם באַשלוס.

צווישן די מינוסן רעכן איך אויך אַריין דאָס וואָס מיר האָבן נאָך ביז איצט ניט קיין סילאַבוס פאַרן לימוד פון יידיש און אויך דאָס פעלן פון אַ פּאַסיק טעקסטבוך אין געשיכטע, ספּעציעל וועגן דעם יידישן קיבוץ אין אַמעריקע.

## פּ ל י ו ס ן

א) אויפהאַלטן אונדזערע שולן: נעמענדיק אין באַטראַכט אונדזערע זייער באַגרענעצטע בעגלעכקייטן בנוגע שול־טוער און פינאַנצן — האַלט איך עס פאַר אַ גרויסער דערגרייכונג. ס'פאָדערט שטענדיקע וואַכזאַמקייט, דערמוטי־קונג, הילף — מאָראַלע און פינאַנציעלע — וואָס איז געגעבן געוואָרן פון דעם שלום־עליכם פאָלק־אינסטיטוט. איך האַלט עס פאַר אַ דערגרייכונג ביי אונדזער זייער קליינעם אַפּאַראַט, אַז מיר האָבן באַוויזן אויפצוהאַלטן אַלע אונדזערע שולן.

ב) די שול־קאָמיסיע — פאַר יאָרן און יאָרן האָבן מיר פּרובירט אַקטי־ווירן די שול־קאָמיסיע — און ערשט דעם יאָר, קען איך אייך באַריכטן אַז ס'איז אונדז געלונגען. מיר האָבן אָפּגעהאַלטן רעגולערע זיצונגען איין מאָל אַ חודש: ערשטנס, צו עטאַבלירן אַ נעענטערע שייכות צווישן לאָקאַלע שולן מיט דער צענטראַלער אָרגאַניזאַציע; צווייטנס, האָט די שול־קאָמיסיע אימפּלע־מענטירט די פאַראַיאָריקע רעזאָלוציע דורכצופירן אַ פּורים־פייערונג, וועלכע איז געוואָרן באַזוכט פון 350 קינדער און 150 עלטערן. און ניט געקוקט דע־רויף וואָס עס איז געווען זייער שווער צו אַראַנזשירן אַ פּראָגראַם פאַר קינדער פון פאַרשיידענע עלטערס, זיינען די קינדער און די עלטערן פונדעסטוועגן אַוועק מיטן געפיל אַז זיי געהערן צו איין משפחה, — צו אַ לעבעדיקער, וויברירנ־דיקער אָרגאַניזאַציע.

ג) די הגדה — וועלכע איז געוואָרן צוגעגרייט און אָפּגעדרוקט איז אויך, צום טייל, אַ דאַנק דעם סטימול, דערמוטיקונג און הילף פון דער שול־קאָמיסיע. דער אָפּרוף, ווי איר ווייסט, האָט איבערגעשטיגן אַלע אונדזערע דערוואַרטונגען. מיר האָבן פאַרקויפט אַרום 1000 קאָפּיעס אין משך פון עטלעכע טעג און מיר האָבן געקראָגן אַ סך בריוו מיט לויב. ס'איז איבעריק צו זאָגן אַז די הגדה איז נישט צוגעפּאַסט פאַר יעדן עלטער. זי איז פאַר עלטערן וואָס האָבן אַ פּאָ־זיטיווע באַציאונג צו דעם ספּעציפיש יידישן טעם פון דער טראַדיציאָנעלער הגדה און וואָס זיינען סענסיטיוו צום פאַרהייליקטן אַלטן טעקסט מיט זיינע

אַרכאַאיזמען אין סטיל און אין אינהאַלט. ס׳איז דאָ פלאַץ פאַר עטלעכע מינים הגדות, ד. ה. מיט מער, אָדער ווייניקער טעקסט פון דער אַלטער הגדה; מיט מער, אָדער ווייניקער איבערזעצונגען אין יידיש און ענגליש. אַ באַזונ־דער דאַנק קומט ציפּע וואַלעצקי פאַר אירע פיינע אילוסטראַציעס.

ד) גורין אַנדענק־פאָנד: דעם 4טן יאַנואַר 1962, האָבן מיר געגרינדעט אַ גורין־אָנדענק־פאָנד מיטן צוועק צו שאַפן אַ סומע פון $15.000, כדי צו פאַר־זיכערן די עקסיסטענץ פון שול 21, וועלכע האָט חובות אויף דער סומע. אונ־דזער אומפאַרגעסלעכער משה גורין ע״ה, האָט אומדערמידלעך געאַרבעט אויפ־צובויען דעם בנין פון ש״ע שול 21. ביישטייערונגען וואָס באַטרעפן $5300 זיינען ביז איצט אַריינגעקומען צום גורין־פאָנד. די דרינגענדיקסטע חובות זיינען באַצאָלט געוואָרן, אַזוי אַז ס׳איז באַזייטיקט געוואָרן יעדע געפאַר פאַר דער שול, און זי קען אָנגיין אומגעשטערט מיט איר אַרבעט. אין אונדזערע שווערע באַדינגונגען איז דאָס זיכער אַן אויפטו.

ה) מיינע וויזיטן אין די שולן: מיינע אָפטע באַזוכן אין די קלאַסן, ביי עלטערן־פאַרזאַמלונגען, ביי פייערונגען, סימפּאָזיומס, באַטראַכט איך אויך פון נישט קליינער וויכטיקייט. אין משך פון דעם שול־יאָר האָב איך געהאַלטן 13 לעקציעס אין די שלום־עליכם שולן, און דאָס איז אפשר אַ באַווייז אַז ס׳איז געשאַפן געוואָרן אַ נאָענטער קאָנטאַקט צווישן די שולן און דעם שלום־עליכם אינסט. ט.ט, און אַז מיר גיבן די עלטערן און די שול־טוער אינטעלעקטועלע הדרכה.

ו) דער עלטערן־בולעטין: ווען מיר וויסן וואָס פאַר אַ קליינעם פּערסאָנאַל מיר האָבן, מעג מען באַטראַכטן אונדזער עלטערן־בולעטין ווי אַ וויכטיקן בייטראָג צו מאָדערנער יידישקייט פאַר דערוואַקסענע. מיר קריגן אַ סך פּאָזי־טיווע אָפּרופן און פאַרלאַנגען פאַר נאָך עקזעמפּלאַרן פון עלטערן וואָס ווערן, אַ דאַנק די אַרטיקלען וואָס זיי לייענען אין בולעטין, דערנעענטערט צו אונ־דזער לעבן און קולטור. דערלויבט מיר דאָ אויסדריקן אונדזער אויפריכטיקן דאַנק צו ציפּע וואַלעצקי פאַר די שיינע אילוסטראַציעס וואָס זי צייכנט, אומ־זיסט, פאַרן בולעטין.

ז) וועגן יונגע מענטשן אין דער אַדמיניסטראַציע: איך בין צופרידן צו קענען באַריכטן אַז דער רוב פון די יונגע טוער וואָס מיר האָבן דערוויילט ביי דער לעצטער שול־קאָנפערענץ ווי מיטגלידער אין דער אַדמיניסטראַציע, קומען צו די זיצונגען און באַטייליקן זיך אין דער אַרבעט.

איך וויל אָפּשליסן מיין באַריכט מיט עטלעכע באַמערקונגען אין שייכות צו דעם וואָס דער פּאָרזיצער האָט פריער דערמאָנט: אַ האַלבער יאָרהונדערט עקסיסטענץ פון די שלום־עליכם שולן. דאָס איז אַ פּאַסיקע צייט צו באַ־טראַכטן — על רגל אחת — אונדזערע צילן און קוריקולום, האָבנדיק דערביי אין זינען אַז אין משך פון די לעצטע 20 יאָר זיינען פאָרגעקומען געוואַלדיקע ענדערונגען אין דער ברייטער וועלט און אין יידישן לעבן; און דאָס קען נאַ־טירלעך נישט בלייבן אָן אַ ווירקונג אויף אונדזער גאַנצער אַרבעט.

דער „נאַציאָנאַלער קוריקולום פאָרש־אינסטיטוט", וואָס איז לעצטנס גע־גרינדעט געוואָרן, האָט באַטראַכטנדיק די צענטראַלע פראַגן אין יידישער דער־ציאונג, פעסטגעשטעלט אַז „די צילן פון אונדזערע היינטיקע שול־פּראָגראַמען

אונדזער קוריקולום און מיר האָבן סיסטעמאַטיש איינגעשטעלט די פייערונגען פון אַלע יום־טובים און דעם עונג שבת. מיר זיינען עלאַסטיש בנוגע מעטאָדן, אָבער אומבויגזאַם בנוגע אונדזערע צילן וואָס זיינען גילטיק היינט־צו־טאָג פונקט ווי זיי זיינען געווען גילטיק אין אָנהייב פון היינטיקן יאָרהונדערט ווען די שולן זיינען געגרינדעט געוואָרן, און דאָס איז: צו דערציִען די יונגע דורות פאַר אַ שעפערישן יידישן קיום, וואָס איז האַרמאָניש מיט אַ פרייער, נישט דאָגמאַטישער יידישקייט.

און וויל מען על רגל אחת פאָרמולירן די אויפגאַבע פון אונדזער שול קען מען עס איבערגעבן אַזוי: איר הויפּט־ציל איז צו האַרמאָניזירן אונדזערע היסטאָרישע ווערטן מיט דער וועלט־אָנשויאונג און מיט דער מענטאַליטעט פון מאָדערנע יידן און מיט די נייסטע אויסגעפינסן פון דער וויסנשאַפט — כדי צו מאַכן מעגלעך פאַר ניט־קאָנפאָרמיסטישע יידן צו בלייבן געטריי דעם תוך פון יידישקייט און גלייכצייטיק זאָלן זיי צוגעבן נייע שעפערישע קאַפּיטלען צו אונדזער קולטור־געשיכטע.

אונדזער נאַציאָנאַל־קולטורעלע יידישקייט מיט אַן אייגענעם יידישן לשון און מיט אַן אייגענעם שטייגער לעבן איז אַ שווערע, אַ מאַקסימאַליסטישע יידישקייט. אָבער, נאָר דאָס גיט אַ זכות־הקיום אַ שעפערישן מיעוט. וואָרן פונקט ווי אַ שעפערישער מענטש דאַרף קענען די סביבה אָבער זי ניט אַקצעפּטירן, נאָר זי וועלן טראַנספאָרמירן, אַזוי מוז אַ קרעאַטיווער מיעוט קענען דעם שטראָם, אָבער גיין קעגן אים. די נביאים זיינען נישט געגאַנגען מיטן שטראָם; אויך נישט די מקובלים און אויך נישט די אחד העמס, די דובנאָווס, די פּרצעס, די ביאַליקס. „די גרעסטע גייסטער אין יעדער צייט רעפּרעזענטירן נישט דעם „צייט־גייסט", נאָר די צוקונפט", זאָגט אונדז ש. ניגער. אַזוי איז עס אויך מיט שעפערישע מינאָריטעטן.

אונדזער שווערער, אָבער שעפערישער דרך פאַרלאַנגט אינטעליגענץ, גלויבן, עקשנות און איבערצייגונגען. דאָס זיינען אייגנשאַפטן פון כאַראַקטערפולע מענטשן וואָס זיינען גרייט אויף קרבנות, און צייטנווייז אפילו צו זיין איינזאַם. מען קען אונדזער דערפאָלג נישט מעסטן מיט קוואַנטיטאַטיווע מאָסן. אָבער דער וואָס איז סענסיטיוו צו עכטקייט, צו אידעאַליזם, צו טאַלאַנט און שעפערישקייט, דער ווייסט אַז דער יידיש־סעקטאָר מיט זיין אינטעגראַלער יידישקייט, מיט זיין גרויסער גאַלעריע פּאָעטן, עסייאיסטן, פּובליציסטן שפּילט אויס דעם רייכסטן, יידישלעכסטן, מעלאָדישסטן ניגון אין אַמעריקאַנער יידישן אָרקעסטער. און אין דעם וועלטלעכן יידיש־סעקטאָר פאַרנעמט די ש"ע שול־באַוועגונג אַן אייגנאַרטיקע, חשובע פּאָזיציע.

דר. שלמה סיימאָן

# די חברה תנ״ך אַרום שלום־עליכם פאָלק־שול נומער 15

די חברה תנ״ך אין שלום־עליכם פאָלק־שול נומער 15, איז אַן אַלטע און אַן אייגנאַרטיקע אינסטיטוציע. ווי ווייט עס איז מיר באַקאַנט איז עס די איינציקע אינסטיטוציע פון דעם מין אין די יידישסטישע וועלטלעכע קרייזן.

די חברה תנ״ך איז שוין איבער פינף און צוואַנציק יאָר אַלט. דער ערשטער לעקטאָר, אָדער בעסער געזאָגט, רבי פון תנ״ך, איז געווען דער היסטאָריקער און תנ״ך־פאָרשער חיים שויס. ער האָט אָנגעפירט מיט דער חברה קרוב צען יאָר. נאָך אים האָט פאַר אַ קורצער צייט געלערנט מיט דער חברה דער היסטאָריקער אברהם מענעס, להבדיל בין החיים והמתים. פאַר די לעצטע זעכצן יאָר פירט אָן מיט דער חברה תנ״ך דער שרייבער פון דעם דאָזיקן באַריכט.

די חברה האָט אָנגעהויבן קליין: מיט ווייניקער ווי אַ מנין מענער און פרויען. די פאַרוואַלטונג פון דער שול האָבן ניט געוואָלט קיין „טרוקענע״ זיצונגען האָט זי איינגעפירט דעם לימוד פון תנ״ך. ביסלעכוויז, ביסלעכוויז איז דער לימוד פון תנ״ך געוואָרן אויס טפל, צו דער זיצונג, און איז געוואָרן אַ יש פאַר זיך. די תנ״ך חברה באַשטייט איצט פון פופציק מיטגלידער, וואָס קומען אַלע זונטיק אין דער פרי פון האַלב נאָך עלף ביז קרוב איינס אַ זייגער און לערנען תנ״ך. די לערנער קומען פון אַלע עקן ברוקלין און לאָנג איילאַנד און מערק־ווירדיק איז, וואָס זעלטן ווען אַ מיטגליד פאַרפעלט אַ שיעור. אויב עס טרעפט אַזוינס איז טשיקאַווע, וואָס דער מיטגליד אַנטשולדיקט זיך און גיט אָן אַ סיבה, אָט ווי אַ תלמיד אין אַן אַקרעדיטירטער לערן־אינסטיטוציע.

די גרופּע תלמידים איז ניט קיין איינהייטלעכע, איך מיין ניט אַלע האָבן די זעלביקע ידיעות: אַלגעמיינע און יידישע. פאַראַן צווישן זיי אַרבעטער, וואָס האָבן זיך אויפגעהאָדעוועט אויף דער יידישער ליטעראַטור און אויף ראַדיקאַלע לעקציעס. פרויען: אייניקע אמתע משכילות, וואָס קענען העברעאיש און האָבן געלערנט אַ סך, און אַמאָל געלערנט תנ״ך; געוויינטלעכע יידישע „באַלעבאָס־טעס״, וואָס לייענען בלויז אַ יידישע צייטונג. צווישן די מענער: בעלי־מלאָכות אין שאַפּ, קליינע געשעפטס־לייט; רייכע יידן; למדנים; בקיאים אין גמרא און אַוודאי אין תנ״ך; פּראָפעסיאָנאַלן מיט אַ הויכער בילדונג. אַלע פאַרשטייען גוט יידיש אָבער פאַראַן אַזעלכע וואָס קאָנען ניט רעדן גוט קיין יידיש און ווען זיי שטעלן פראַגעס רעדן זיי אויף ענגליש. צווישן די תלמידים זיינען דאָ אַטעאיסטן, נאַציאָנאַליסטן, ציוניסטן, לינקע, מאַרקסיסטן. יידן, וואָס שמעקן קיינמאָל ניט אַריין אין אַ שול און פרומע יידן. איין תלמיד איז גבאי־ראשון אין אַן אָרטאָדאָקסישער שול.

מיט אַ צען יאָר צוריק האָט זיך אָנגעהויבן אַ הייסע דעבאַטע צי מען זאָל זיצן ביים לערנען אָן היטלען צי אין היטלען. מען האָט געמאַכט אַ קאָמפּראָמיס:

עס איז אַ פּרייוויליקער אויסקלייב. זיצט אַ צאָל אין יאַרמולקעס און אַ צאָל אין הוילן קאָפּ. איך, דער זאָגער פון שיעור טראָג אַ היטל, ווייל איך האַלט, אַז ווען מען לערנט תנ״ך אָדער אַנדערע יידישע קאַנאָניזירטע ספרים דאַרף מען טראָגן אַ היטל מפּני כבוד הציבור. ספּעציעל דער „רבי״. לעצטנס האָט זיך די צאָל יאַרמולקע־טרעגער אַ ביסל פאַרגרעסערט, ניט ווייל די פרייע זיינען געוואָרן בעלי־תשובה, נאָר ווייל עס איז צוגעקומען אַ צאָל שול־יידן אין דער חברה.

וואָס איז דער צוציאונג־כוח פון דער חברה תנ״ך, וואָס קען ברענגען קריב פינף מנינים יידן אַלע זונטיק צו אַ שיעור?

די ערשטע סיבה, און איך מיין די הויפּט־סיבה איז וואָס מען לערנט. דער תנ״ך שיעור איז ניט קיין סעריע לעקציעס, אָדער אַ קורס לעקציעס, וואו דער באַזוכער זיצט און איז אַ פּאַסיווער צוהערער. אַלע תלמידים זיצן ביי אָפענע תנ״כן. דער רבי, (און עס איז בעסער צו באַצייכענען דעם אָנפירער פון דער חברה מיטן אַלטן יידישן טערמין „רבי״ — מלמד, ווי לעקטאָר, וואָס ער איז עס ניט). יאָ דער רבי לייענט דעם העברעאישן טעקסט און פאַרטייטשט עס אויף יידיש. די מיינסטע תלמידים האַלטן אָפן אַ תנ״ך אין תרגום יהואש. אָבער פאַראַן אַזעלכע, וואָס האַלטן אַ תנ״ך מיט ל״ב פירושים, אָדער מיט דעם מאָדערנעם פירוש פון של״ג, אָדער פירוש הרטום, ניט דעם תנ״ך פון סאנסינאָ־פרעס: דער לשון־קודשדיקער טעקסט, אין ענגלישער איבערזעצונג און אַ פירוש אויף ענגליש.

אָבער דאָס איז ניט די הויפּט־סיבה פון די תלמידימס התמדהשן צובונד צו דער חברה תנ״ך און צום זאָגער פון שיעור. די עיקר אַטראַקציע איז דער לעבעדיקער מאָדערנער יידישער צוגאַנג צום תנ״ך.

געוויינטלעך זיינען דאָ צוויי באַגריפן וועגן תנ״ך,ביידע עקסטרעמע, וואָס ניט געקוקט אויף דעם וואָס זיי זיינען צוויי היפוכים, האָבן זיי אַ בשותפותדיקן באַריר־פּונקט: דער אולטראַ אָרטאָדאָקסישער און דער עקסטרעם סעקולערער.

דער אָרטאָדאָקסישער באַנעם פון תנ״ך איז: אַלץ וואָס עס ווערט געזאָגט און דערציילט אין תנ״ך איז ווערטערלעך אמת און איז געגעבן געוואָרן אויפן באַרג סיני און די ניסים און די וואונדער זיינען אַלע היסטאָרישע געשעענישן, וואָס יעדער פּרט איז אמת. אויב מען פאַרלייקנט איין נס, איין האַלבן פּסוק איז מען דעמאָלט אַן אפיקורס און דער תנ״ך מיינט גאָרנישט פאַר דיר. די אויסערלעכע פאָרמע איז אַזאַ עיקר ווי דער תוך.

דער סעקולערער, אפיקורסישער צוגאַנג איז: דער תנ״ך איז אַ ליטעראַריש פאָלקלאָריסטיש ווערק פול מיט אָבערגלויבנס און אָפּגעלעבטן וועלט־באַנעם. די וויכטיקייט פון תנ״ך איז — זיין ליטעראַרישע שענקייט און פּאָעטישע בילד־לעכקייט. פאַר אונדז איז עס אַ פאַרעלטערט בוך, ווייל עס איז פול מיט ניסים און אַ פּרימיטיוון וועלט־באַנעם: אַלץ געשעעט דאָרט נאָר דורך גאָטס חסד.

ביידע: די אולטראַ אָרטאָדאָקסן און די עקסטרעמע סעקולאַריסטן נעמען אָן די פאָרמע פון תנ״ך, דעם אופן פון איבערגעבן, פאַרן עיקר.

אָבער דער תנ״ך איז בעצם מער און טיפער פון די ביידנס באַנעם. דער תנ״ך איז אַ פילאָסאָפיש בוך, וואָס גיט ענטפערס אויף די עיקר־פראַגעס פון מענטשנס לעבן. אָבער די ענטפערס אויף די גרונט־פּראָבלעמען גיט ער ניט

אויף אַ סיסטעמאַטישן אופן, אין עקספּאָזיציע, דיסקוסיע, אָדער דורך לאָגישן מיינונגס־אויסטויש. ער נוצט אויך ניט די וויסנשאַפטלעכע מעטאָדעס פון אינדוקציע אָדער דעדוקציע. דער תנ״ך גיט איבער אַן אויסגערונדטן וועלט־באַנעם דורך דערציילונג, מעשה, ליד און אָפט דורכ פּאָעטישן היפּערבאָליזם. ווי שיין די מעשה איז, ווי פּראַכטפול דאָס ליד איז, אָבער די כוונה איז ניט געווען ליד לשם ליד, פּאָעזיע לשם פּאָעזיע, מעשה צוליב מעשה. שטענדיק איז אין דער מעשה, אין דעם ליד פאַראַן ניט נאָר אַ מוסר השכל, נאָר אַ טיפער פילאָסאָפישער וועלט־באַנעם. און דער דאָזיקער פילאָסאָפישער וועלט־באַנעם, וואָס די שעפער פון תנ״ך ברענגען צו אונדז, איז צו זיי געקומען, ווי זיי זאָגן דורך התגלות און וואָס דער מאָדערנער מענטש, צוליב זיין הילפלאָזיקייט אין פרט פון אמונה, רופט עס אינטואיציע. וועלכע עס איז באַצייכענונג מינערט ניט די גרויסקייט פון דעם ספר און פאַרקלענערט ניט זיין באַטייט פאַרן מאָדערנעם מענטשן בכלל און פאַרן יידן בפרט. אין לערנען תנ״ך דאַרף מען נאָר אָפּשיילן די פאָרם, די פאָרמע פון יענער צייט, וועט זיך אַנטפּלעקן די אינערלעכע גרויסקייט און באַטייט פאַרן מאָדערנעם מענטשן. מיט אַזאַ צוגאַנג איז ניטאָ קיין שרעק פאַר ניסים און ניטאָ קיין מורא פאַר איבערטרייבונגען און ניטאָ קיין אָרט פאַר אַפּיקורסישקייט.

עס וואָלט געווען כדאַי איבערצוגעבן אַ מוסטער שיעור מיט דעם דאָזיקן בליק אויפן תנ״ך. אָבער עס וואָלט פאַרנומען צופיל אָרט. לאָמיר נאָר אָנוואַרפן אַ סכעמאַטישן קוק אויף איין שטעל אין ישעיה. עס ווערט דערציילט אין ישעיה (קאַפּיטלען ל״ו־ל״ז) אַז סנחריב איז באַפאַלן יהודה און געפאָדערט דאָס לאַנד זאָל זיך צו אים אונטערגעבן און ער וועט טראַנספערירן די באַפעלקערונג אין אַן אַנדער לאַנד. ישעיהו האָט געהייסן זיך ניט אונטערגעבן. ער האָט געזאָגט: דיינע נצחונות, סנחריב, זיינען נישט קיין צופאַל. דו האָסט ניט איינגענומען פעלקער, ווייל דו ביסט שטאַרק, נאָר ווייל דאָס איז געווען גאָטס פּלאַן. איצט, אַז דו פאַרמעסט זיך אויף גאָט אַליין, וועט דיין מחנה פאַלן אויף די בערג פון יהודה. און עס איז אַזוי געשען. סנחריבס אַרמיי איז געפאַלן אויף די בערג פון יהודה אין איין נאַכט. אַ מלאך פון גאָט האָט דורך דער נאַכט צעקלאַפּט די אשורישע אַרמיי.

דער מאָדערנער מענטש טוט אַ שמייכל: „אַ שטיק פאָלקלאָר!״. דער פרומער ייד האַלט, אַז די וויכטיקייט פון ישעיהוס נבואות ליגט אין דעם געשעענעם נס. אָבער דער מאָדערנער גלייביקער ייד זעט די דאָזיקע נבואות אין גאָר אַן אַנדער ליכט. אין ישעיהוס נבואות איז דער גרעסטער עיקר דער יידישער באַנעם פון געשיכטע. זאָגט הרב, פּראָפעסאָר שמחה בונעם אורבאַך:

„די יידישע היסטאָריאָגראַפיע, דער באַגריף „געשיכטע״ לויטן יידישן וועלט־באַנעם איז אַן אָריגינעלע יידישע שאַפונג און זי איז דער פּועל־יוצא פון דעם יידישן באַגריף פון דער יצירה — וועלט־באַשאַף. די פילאָסאָפיע באַנעמט די נאַטור ווי אַ זאַך, וואָס ענדערט זיך ניט; אַן עצם, וואָס איז ניט אונטערגעוואָרפן צו שינוי נאָר ווי עפּעס וואָס האָט עקסיסטירט אויסער וועלכער עס איז צייטמאָס; אָדער עס איז אויפגעקומען דורך אַ בלינדן צופאַל. אָן אַ ציל און אָן אַ תכלית. אָבער דער יידישער וועלט־באַנעם, וואָס איז באַטאָנט שוין



אַ גרופּע תלמידים און לערער פון דער פֿאַראייניקטער מיטלשול (פון ש״ע אינסטיטוט און פֿאַרבאַנד)

אין דער ערשטער פרשה פון בראשית — זעט אין דער נאַטור אַ פּלאַן, וואָס איז איינגעשטעלט געוואָרן דורך דעם שעפער, וואָס אין אים איז פאַרקערפּערט דער געטלעכער וועלט־פּלאַן. דורך אים ווערט בהדרגהדיק פאַרווירקלעכט דער געטלעכער ציל, דער תכלית פון דער וועלט, וואָס איז דער געטלעכער באַשאַף. פון דעם ווערט אַרויסגעדרונגען, אַז אַלץ אין דער נאַטור און אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט איז אַ מין קייט, אַ רינגל איינגעשלאָסן אין אַנאַנדער רינגל. יעדעס רינגל איז דער סוף, וואָס איז פאַר אים און דער אָנהויב פון דעם, וואָס איז נאָך אים. און פון אַלץ ווערט געשאַפן אַ געוועב פון אַ געטלעכן אוזאַר. דער היינט פון דער מענטשהייט האָט אין זיך פאַרוויקלט די פאַרגאַנגענהייט, די צוקונפט און אַן אויסגאַנג פונקט. די התגלות אויפן באַרג סיני איז דער אָנהויב פון דער נסיעה פון דעם מענטשלעכן שטייגן. דער אָפּשלוס איז משיחיסטישער באחרית־הימים: דער הויך־פּונקט, די לעצטע סטאַנציע פון מענטשלעכער דערגרייכונג". (עמודי המחשבה הישראלית, חלק א׳ זז. יז, יח).

ווען מיר שיילן אַרויס דעם יידישן דינאַמישן באַנעם פון געשיכטע, וואָס קען אונדז געבן האָפענונג אויך אויף היינט איז, וואָס איז וויכטיק ווי אַזוי די אשורישע אַרמיי איז געפאַלן? דער עיקר איז דער ספּעציפישער יידישער קוק, וואָס דאַרף ווערן ביי אונדז היינט אַ כוח אין דער געזעלשאַפט. דער לבוש פון תנ״ך איז ניט וויכטיק. וויכטיק זיינען די געטלעכע, אייביקע דירעקטיוון פאַרן מענטשן, וואָס גיט אים פאַרשטענדעניש פאַר זיין אייגן לעבן און פאַר איינשטעלן אַ געערכטע געזעלשאַפט.

עס איז ביז גאָר אינטערעסאַנט, אַז גאָר אַ גרויסער טייל פון די ראַדיקאַלע תלמידים ווילן געפינען אַ היתר אין תנ״ך פאַר ניט אָפּהיטן ריטואַלן און צערעמאָניאַלן, ווייל דער תנ״ך באַטאָנט עטיק מער ווי ריטואַל און צערעמאָניאַל. זיי זעען אויך ניט דעם טיפערן באַטייט פון די שעפער פון תנ״ך; די נביאים זיינען ניט אויסן געווען אָפּצושאַפן דעם צערעמאָניאַל. זיי האָבן באַטאָנט עטיק, ווייל ערשטנס האָט מען די עטישע געבאָטן ניט אָפּגעהיט אַזוי פאַרזיכטיק ווי דעם צערעמאָניאַל. שנית, ווייל עס איז שווערער אָפּצוהיטן עטישע געבאָטן ווי ריטואַל און צערעמאָניאַל. פאַרשטייט זיך אַז אַזאַ קוק, וואָס איז באמת, אַן עכט יידישלעכער קען ניט גרינג אָנגענומען ווערן סיי פון די פרומע, סיי פון די פרייע. דערפאַר טרעפן אָפט היציקע דיסקוסיעס אין דער צייט פון שיעור. עס איז ניט קיין זעלטנקייט פאַר אַ תלמיד ברוגז צו ווערן און ניט קומען צו אַ פּאָר שיעורים. אָבער בדרך כלל קומען זיי צוריק.

די ש״ע שול געווינט זייער אַ סך פון דער דאָזיקער חברה תנ״ך. זי ווערט געשטיצט פון די מיטגלידער. דער שיעור־זאָגער קריגט ניט קיין באַצאָלט, האָט די שול אַ פיינע הכנסה. אָבער ווייל די ביישטייערונגען פון די תלמידים גייען פאַר דער שול, קען די חברה ניט פאַרגרעסערט ווערן, ווייל עס זיינען ניטאָ קיין מיטלען פאַר פירסום.

די מערסטע תלמידים זיינען ניט קיין לייענער פון דער יידישער ליטעראַטור אָדער פון דער פּריאָדישער פּרעסע, אָבער אַ סך פון זיין זיינען געוואָרן אַבאָנענטן פון יידישע זשורנאַלן און קויפן שוין אויך אַ יידיש בוך. די וואָס דאַרפן ניט פאָרן, קומען צו די עונג שבתים פון שול.

די עלטערע תלמידים זיינען אַמאָל געווען לייענער פון דער יידישער ליטעראַטור און דער יידישער פרעסע; אויך אַקטיוו אין ראַדיקאַלע קרייזן. זיי זיינען ביסלעכווייז געוואָרן שול־יידן, ווייל די וועלטלעכע קרייזן האָבן ניט געשאַפן קיין שום פאָרמע פאַר יידישקייט. זיי האָבן זיך פאַרבענקט נאָך אַ שטיקל שבת, אַ ברעקעלע יום־טוב, הערן אַ דרשה וועגן יידישע ענינים. אָבער די שול, סיי די אָרטאָדאָקסישע, סיי די קאָנסערוואַטיווע אָדער רעפאָרם קען זיי ניט צופרידנשטעלן. עס איז דאָרטן אַ חלל פון הונדערטער יאָרן. גאַנצע טויזנט יאָרן. מען הויבט אָן מיט דעם תנ״ך און מען שפרינגט אַריבער אויף היינט. וואָס איז געשען פון חורבן בית־ראשון ביז היינט? אין דער אַטמאָס־פערע פון דער חברה תנ״ך, וואו מען רעדט אויף יידיש און מען ברענגט אויך ראיות פון דער יידישער ליטעראַטור, און פון ניט לאַנג־פאַרגאַנגענער יידי־שער געשיכטע, פילן זיי דעם טעם פון אַ לעבעדיקער יידישקייט. די יינגערע ווערן נתפעל פון דעם עצם פאַקט, וואָס אָט איז ניט קיין שול־ייד, וואָס זיין לשון איז יידיש און איז באַהאַוונט אין תנ״ך, סיי אין אַלגעמיינע לימודים און נאָך מער: ער איז ניט קיין דאָגמאַטישער ייד, און איז פונדעסטוועגן אַ מאמין און איז אויך קיינמאָל ניט אַפּאָלאָגעטיש פאַר זיין יידישקייט.

ווען עס וואָלטן געווען אַ הונדערט אַזעלכע לערן־חברות אין דער יידיש רעדנדיקער ניו־יאָרק, וואָלט מען אפשר ניט געדאַרפט אַזוי שרייען:
„יידן פאַרגעסט ניט קיין יידיש!“.

---

# ביים אָנהייב פון אונדזערע שולן

• • •

## דער נאָענטער עבר

די ציפער פופציק וואַרפט אָן אַ שווערע אחריות. עס ווילט זיך רעדן און דערציילן, דערציילן אַ סך. און עס איז דאָ גענוג וועגן וואָס צו דערציילן. עס זיינען דאָך געבליבן נאָר עטלעכע געציילטע פון דער גאַנצער מחנה בויערס און פיאָנערן. עס איז געווען אַ גאַנצע גאַלערייע ליכטיקע געשטאַלטן וואָס האָבן מעגלעך געמאַכט אָנצוהאַלטן מיט כבוד און מיט חשיבות אונדזער פיינע אינסטיטוציע, דעם שלום־עליכם־פאָלקס־אינסטיטוט. מיר טרייבן דאָך ניט אי־בער, אַז מיר האָבן צוגעטראָגן אַזוי פיל צו אונדזער יידישער דערציאונג און צו דער יידישער קולטור אין גאַנצן גענומען.

מוז איך זיך באַגרענעצן און זיך אָפּשטעלן אויף די הויכפונקטן פון די לעצטע 10־12 יאָר. דערמאָן איך זיך אין דער ערשטער ריי ווי עס איז אויסגע־קומען אויפצושטעלן דעם פּרעכטיקן בנין פאַר דער שול 6. דער אומפאַרגעס־

לעכער הערי שמוקלער האָט געגעבן דעם ערשטן יש. עס איז געווען אַ וואַרעמע גרופּע טוערס אַרום דער שול זעקס. אַלע אינאיינעם האָבן קיין כוחות ניט געזשאַלעוועט. קיינער האָט ניט געזשאַלעוועט, קיין כוחות, קיין מי און קיין געלט. ליידער, ליידער, האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז די געגנט איז ניט געווען פּאַסיק פאַר אַ טאָגשול פון אונדזער ריכטונג. עס האָט געקאָסט גענוג געזונט, ווען מען האָט זיך געמוזט אָפּזאָגן פון דעם שיינעם חלום, פון אַן אייגענער טאָגשול.

אָבער מען איז ניט געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט. מען איז ניט אַריינ־געפאַלן אין עצבות. איך ווייס אַליין ניט וואו האָט מען גענומען די ענערגיע און די כוחות אויפצושטעלן דעם שיינעם בנין פון דער שול 21. עס האָבן געהאָלפן הילדעס און זיינע חברים, די אָרטיקע שולטוערס. עס האָט צוגעלייגט אַ האַנט דוד גילדין. די נשמה פון דער גאַנצער אונטערנעמונג איז אָבער געווען אונדזער געטרייער חבר משה גורין; ניט נאָר געלט, מער וויפל ער האָט געקענט, האָט ער אַריינגעלייגט אין דער אונטערנעמונג. ער האָט אַריינגעטאָן אין דעם זיין גאַנצע צאַרטע נשמה. אין די שווערסטע שעהען האָט ער ניט דער־לאָזט, מען זאָל אַריינפאַלן אין עצבות. ער האָט געהאַט אַ ים בטחון. ער איז שוין ניט געווען געזונט, אָבער די אויגן האָבן געשטראַלט מיט גלויבן. מיט ניט קיין געוויינטלעכן מסירת־נפש האָט ער געבויט און אויפגעבויט דעם פּרעכטיקן בנין, וואָס עס איז אַ נחת־רוח, אַ גייסטיקער פאַרגעניגן אַריינצוקומען אַהין. דאָרטן קלינגט דאָס יידישע לשון. דאָרטן איז פול מיט קולטורעלע טעטיקייטן. און די ציגל פון די ווענט קענען דערציילן ווי שווער עס איז אָנ־געקומען דאָס אויפשטעלן דעם בנין. אָבער דאָרטן פלאַטערט דאָס האַרץ פון דעם געטרייען און טייערן חבר גורין. דאָרט הערט מען פון קינדערשע מיילעכלעך אַזאַ נאַטירלעך און זאַפטיק יידיש. דאָרטן האָט די מעגלעכקייט פאַנאַנדערצונעמען די הענט און ווייזן וואָס ער קאָן אונדזער פיינער לערער חבר גאָלדשטיין. עס נעמט אַרום אַן אמתע פרייד, ווען מען איז אין די שיינע און ציכטיקע צימערן און אין זאַל פון דעם בנין פון שול 21.

עס איז נייטיק צו דערמאָנען דעם וויכטיקן אויפטו פון די לעצטע צען יאָר — עס זיינען איצט מיט אונדז, מער ווי פריער, די געוועזענע תלמידים פון די שלום־עליכם־שולן און די איצטיקע יונגע טוערס. מיר זעען צו ווי זיי נעמען ביסלעכווייז איבער די אָנפירונג, ווי אונדזער זאָרג ווערט זייער זאָרג. זיי זייַנען שוין אַ לענגערע צייט אַקטיוו אין בויבעריק. איצט האָבן זיי איבערגענומען די שול־קאָמיסיע און זיי זיינען שוין טעטיק אין דער אדמיניסטראַציע. זיי זיינען אונדזערע טייערע קינדער. זיי זיינען די גאַראַנטיע אויף די ווייטערדיקע פופציק יאָר פון שלום־עליכם־אינסטיטוט.

יעקב בערג

# אונדזער שמחת־תורה

מ׳קען דעם יום־טוב פאַרגלייכן צו שמחת תורה, פונקט ווי שמחת תורה פאַרענ־דיקט מען לייענען די תורה און מ׳זאָגט „חזק ונתחזק״ אַזוי זאָגן מיר די טוער פון די שולן, פון דער אַדמיניסטראַציע: מיר גייען ווייטער! מיר זיינען גליקלעך וואָס דער צווייטער דור איז גרייט ניט נאָר צו העלפן, נאָר איבערצונעמען געוויסע טעטיקייטן און אָנווענדן אין דער אַרבעט נייע מעטאָדן. איך האָב פריער באַ־מערקט, אַז עס איז שמחת תורה וואָרן שמחת תורה רופט מען אויף צו אַן עליה „כל הנערים״. אויב אַזוי דערלויב איך זיך צו פאַרצייכענען אַ פּאָר דערי־נערונגען פון אַ שול־טוער.

די פייערונג פון 50 יאָר שלום־עליכם שולן איז אַ דאַטע פון גרויס וויכטיקייט.

מיין פרוי און איך זיינען פאַרבונדן מיט דער ש״ע שול־באַוועגונג עטלעכע און דרייסיק יאָר, ווי מיטגלידער פון עלעמענטאַר־שולן, שול־קאָמיסיע און אַדמיניסטראַציע. איך האָב געהאַט דעם פאַרגעניגן צו זיין אַ מיטגליד פון דער מיטלשול ביז היינטיקן טאָג. איז ווערט צו דערמאָנען די טייערע חברים וועלכע זיינען אַוועקגענומען געוואָרן פון אונדז, מ. גורין און י. פּאָגעל ע״ה. ואחרון — אויף לאַנגע געזונטע, פּרוכטבאַרע יאָרן אונדזער מדריך, לייבוש לעהרער, אונטער וועמעס השגחה די ש״ע מיטלשול איז געפירט געוואָרן אַ סך יאָרן. יעדע 2 וואָכן, 6 נאָכמיטאָג, פּינקטלעך, מיטוואָך, פלעגן מיר זיך צונויפקומען הערן אַ באַריכט פון די קלאַסן, די באַריכטן פון דירעקטאָר, זיינען געווען קורצע, זאַכלעכע. די מיטלשול איז דאַן באַזוכט געוואָרן פון איבער 150 תלמידים. מיר האָבן דעמאָלט אַרויסגעגעבן אַן עסיי־בוך.

ווערבירן קינדער זאָגט מען, איז אַ שווערע אַרבעט. איך בין ניט אין גאַנצן איינשטימיק; פיזיש אפשר יאָ, אָבער, ווען איר קומט אַריין צו עלטערן און איר הייבט אָן צו ריידן צו זיי מיט טאַקט, מיט ערנסט וועגן זייער חוב צו זייער קינדס דערציאונג, איז עס מיין דערפאַרונג אַז עס רירט דעם טאַטנס און מאַמעס האַרץ. און ווען די מאַמע מיטן קינד קומען אין שול אַריין, דאַן איז דאָס פאַר דעם פאַרוואַלטער אַ יום־טוב.

מאָריס פאַרבמאַן

# אַ ירושה

ווען איך טראַכט וועגן אינסטיטוט האָב איך אַ שוועריקייט. מיר איז שווער אויסצופלאָנטערן וואו עס האָבן זיך געענדיקט די טעטיקייטן פון שלום־עליכם אינסטיטוט און וואו ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן אין מיין טאַטנס שטוב. אַלע מיינע זכרונות פון דעם הויזגעזינט פון מיינע עלטערן זיינען אַרומגענומען מיט דער ראַם פון אינסטיטוט טעטיקייטן. דער טאַטע פלעגט (ווען ער האָט נאָך געאַרבעט אין שאַפּ) אַהיימקומען אין אָוונט, אַראָפּשלינגען אַ געאײלטע וועטשערע, און לויפן פון איין פאַרזאַמלונג צו דער אַנדערער — דריי, פיר אָוונטן אין וואָך. די מאַמע דערציילט אַז מער ווי איין מאָל, איז זיינס

אַ וואָך געהאַלט געווצט געוואָרן צו צאָלן דירה־געלט אין שול — אָדער שכירות צו אַ לערער.

לאָמיר נעמען „בויבעריק". די מאַמע האָט פּאַרוואַלטעט די קיך און געסט־ענינים די ערשטע עטלעכע יאָר, און איך פלעג אַרומגיין טענהן אַז „ס'איז מיין טאַטנס בויבעריק". איך האָב ניט געקענט פאַרשטיין פאַרוואָס איך מוז, ווי אַלע אַנדערע קינדער, אָנטייל נעמען אין די גרופּע־טעטיקייטן. ווען ס'האָט זיך אויסגעחלומט ניי־בויבעריק זיינען מיר אַהין אַוועק ביז יענער חלום איז צערונען געוואָרן.

אָדער פאַרלאַג מתנות; עס דאַכט זיך מיר אַז צוליבן פאַרלאַג מתנות בין איך געוואָרן אַ דרוקער. ווען די ערשטע ביכער זיינען אַריין אין דרוק (הירש־ביינס „דער קאמיליאָן", גאָלדבלומס „מוראַשקעס" און קרעפּליאַקס „פאַר־בלאָנדזשעט") בין איך מיטן טאַטן געגאַנגען אין דרוקעריי עטלעכע מאָל. איך געדענק עד־היום מיין איבערראַשונג מיט די לינאָטייפּ־מאַשינען: אונדזער שטוב איז געוואָרן די רעדאַקציע סיי פאַרן פאַרלאַג, סיי פאַרן „קינדער זשורנאַל". דער טאַטע האָט אין יענע צייטן אָנגעהויבן שרייבן זיינע קינדער־לידער און מעשהלעך. אין יענע טעג איז מיין לעבן געווען איינגעוויקלט אין אונדזער וועלטעלע. איך ווייס ניט צי דער טאַטע מיינער האָט אויסגעחלומט די פאַר־שיידענע טעטיקייטן און וועלכע ער האָט זיך אַזוי מסירת־נפשדיק אַריינגעוואָרפן; איך ווייס יאָ אַז אונדזער משפחה־לעבן איז געווען אינגאַנצן געקניפּט און גע־בונדן מיטן שלום־עליכם אינסטיטוט. און טראַכטנדיק וועגן די ערשטע צוואַנציק, צי פינף־און צוואַנציק יאָר פון שלום־עליכם פאָלק־אינסטיטוט, מוז איך רעדן וועגן מיין טאַטן, מחמת אין זיין וועזן איז פאַר מיר געווען פאַרקערפּערט דער אינסטיטוט און איך האָב דעם אינסטיטוט געזען בלויז אין ליכט פון מיין פאָטערס טעטיקייט. דער אינסטיטוט איז געווען זיין לעבן און דאָס איז די ירושה וואָס ער האָט מיר איבערגעלאָזט.

פּרץ קאַמינסקי

## דערינערונגען פון אַ שול־טוערין

מיר האָבן געזוכט אַ שול פאַר אונדזער טאָכטער אידעט. זי איז שוין באַלד ניין יאָר אַלט. צייט צו וויסן עפּעס וועגן יידישקייט. אָבער, מיר האָבן אַ גרויסע פּראָבלעם: עס איז דאָ אָדער אַ לינקע שול, אָדער אַ תלמוד תורה. נו, זיינען מיר דאָך סאָציאַליסטן און עס איז געווען אין יאָר 1929. פאַרשרייבן מיר אונדזער טאָכטער אין דער לינקער שול. אָבער מיר זיינען ניט צופרידן. איינמאָל דערזע איך אַ שילד אויף 178טע גאַס — ש"ע שול 29. נעם איך מיין טאָכטער און פיר זי צו דער שול. איך פיר זי אַרונטער אין דעם קעלער און חבר ראַבינער ע"ה באַגריסט אונדז און דערפרייט זיך מיט אונדז. מיר ווערן טעטיק אין שול. די פאַרוואַלטונג באַשטייט פון זייער פיינע חברים: די שאַליפּס, שטראַוס, ליפשיץ, בערינשטיין, קאַפמאַן און עס קומט צו סימאַן. די שול קלייבט זיך אַריבער אין אַ מער אָנשטענדיקער דירה אויף 168סטער גאַס אויף אַ 2טן שטאָק. עס הייבט

זיך אָן אַ וואונדערבאַרע טעטיקייט. עס ווערט אַנגאַזשירט דער לערער טאלפּין. מ׳אָרגאַניזירט אַ כאָר; מ׳האָט זונטיק לעקציעס.

עס גייען די יאָרן. מיר האָבן שוין דעם דיכטער, מינקאָף, ע״ה, ווי דעם לערער. פון אים לערנען מיר זייער פיל. איך אָרגאַניזיר אַ פרייען־קלוב און ווער די פאָרזיצערין און חברה גורין די פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַרין. חבר מינקאָף גיט אונדז אַ קורס — די אַנטשטייאונג פון דער יידישער שפּראַך און יידישער געשיכטע. די יאָרן לויפן און די געגנט בייט זיך. די שול ווערט שוואַך און פון דער גרויסער שול 29, בלייבט זייער ווייניק. נאָך 35 יאָר אַרבעט מוזן מיר די שול פאַרמאַכן. אָבער ס׳עפענען זיך אויף שולן אין נייע געגנטן, און די אַרבעט גייט אָן ווייטער.

מאַשע פאַרבמאַן

## זכרונות וועגן שול 10

איינמאָל קומט אַריין אין מיין הויז אַ פאַרוואַלטער פון ש״ע שול 10, מארקער ע״ה, פרעגט מיך צו איך האָב אַ קינד פון שול־עלטער, און דערקלערט מיר ווי וויכטיק עס איז אַ יידישע שול פאַר אַ יידיש קינד; ער בעט מיך קומען צו אַ זיצונג. ער האָט מיך ניט געדאַרפט צופיל אַגיטירן. די ש״ע שול 10 איז דאַן געווען אויף סאָטערן בולעוואַרד, אין אַ קראָם. איך באַקען זיך ביי דער זיצונג מיט דער שול־אַרבעט, פיר אַריין מיין טאָכטער בעסי אין דער שול און ווער טעטיק. אין יענער צייט פלעגן מיר אָפּשטעלן די קינדער ווען זיי זיינען געגאַנגען אין סקול.

איך קען ניט דורכלאָזן אברהם רייזען ע״ה, וועלכער איז געווען אַן אָפטער גאַסט אין אונדזער שלום־עליכם שול 10. איך בין פון מינסק, האָט ער מיך גערופן לאַנדספרוי — חיה, זאָגט ער איינמאָל צו מיר „איר ווילט מיך ניט האָבן צו אָפט ביי אייך אין שול?״ „גאָט איז מיט אייך, אברהם רייזען! ווי קענען מיר דערלויבן אין ווינטערדיקע טעג אין די קעלטן, לאָזן אייך גיין שפּעט אַהיים?״ אברהם רייזען האָט קיינמאָל ניט געלאָזט נעמען אַ טעקסי אים אָפּ־צופירן אַהיים.

איך וויל דאָ דערמאָנען די ערשטע בויער פון ש״ע שול 10, וועלכע זיינען פון אונדז אַוועק: י. קאַמינסקי, חיים שניידער, מעקס שניידער, חיים בלום, מארקער, עבלינג, בעלווין, און חברטע ראָזענבערג. זאָלן אַלע שול־בויער זיין געבענטשט און באַגריסט צו דעם יובל יאָר פאַר זייער אומדערמידלעכער אַרבעט.

חיה קריינדעל
געוועזענע פאַרוואַלטערין פון ש״ע שול 10,

# מיר ווען זיי געדענקען!

## משה גורין ע"ה

(געשטאָרבן 22טן אָקטאָבער 1961)

משה גורין איז געווען אונדזער אַלעמענס אַ ברודער און אַ פֿאָטער פֿון אַלץ וואָס איז געווען שאַפֿעריש אין אונדזער לעבן. זיינען מיר געקומען אַהער ווי יתומים באַוויינען אונדזער ברודער.

ער איז געווען איינער פֿון די לעצטע פֿון אַ טיפּ פֿאָלקס־מענטש, וואָס אין אַמעריקע ווערן שוין אַזעלעכע ניט געבוירן. ביי אברהמען שטייט: „ויגוע וימת... ויאסף אל עמיו", ער איז געשטאָרבן און איינגעזאַמלט געוואָרן אין זיין פֿאָלק, ווייל ער האָט געלעבט מיטן גרעסטן אידעאַל וואָס זיין פֿאָלק־טראַדיציע האָט פֿאַרמאָגט. אָט אַזוי איז גורין געווען פֿאָלקסמענטש.

ער האָט פֿאַרמאָגט פֿריינד, ווי מיר אַלע, אָבער אין אים איז מען געווען פֿאַרליבט. ער האָט זיך געדאַרפֿט האַלטן אין די באַשלוסן פֿון אָרגאַניזאַציעס, וואָס שטעלן אָפּט אַוועק ענגע גרענעצן אין האַנדלונג. אָבער זיין האַרץ איז געווען גרעסער פֿון אָט די גרענעצן, האָבן טיילמאָל זיינע כוונות אים פֿאַרפֿירט. זיינע צילן זיינען אָבער אַלעמאָל געווען אָנגעפֿילט מיט זיין גרויסער ליבשאַפֿט צו מענטשן און נויטן.

חסידים מאַכן אַ חילוק צווישן דעם ווילנער גאון און דעם בעל שם. דער ווילנער האָבן זיי געזאָגט, האָט געלאָזן ספרים, דער בעל שם האָט געלאָזן מענטשן. משה גורין האָט קיין ביכער ניט געלאָזן אָבער האָט געלאָזן מענטשן. נאָך מער, ער האָט געלאָזן אַ דור וואָס אַ סך פֿון אונדז מעגן אים מקנא זיין. ער צוזאַמען מיט זיין ליבער שרהן, האָבן געבויט אַ היים און דערצויגן קינ־דער וואָס זיינען אַ פֿרייד און אַ נחת.

פֿון אָרגאַניזירטע קאָלעקטיוון איז דער שלום־עליכם פֿאָלק־אינסטיטוט דער עלנטסטער פֿאַרבליבענער יתום, ווייל אָן אים וועט פֿעלן אַזוי פֿיל אַז עס וועט דויערן און דויערן ביז דער אינסטיטוט וועט קומען צו זיך.

לייבוש לעהרער

## יוסף פֿאָגעל ע"ה

מיר דאַכט זיך אַז אָט ערשט נעכטן האָב איך זיך צום ערשטן מאָל גע־טראָפֿן מיט דער וואונדערלעכער שול און קולטור־גרופּע פֿון דער שלום־עליכם פֿאָלקשול 11, אין דעם הילצערנעם הייזל אויף האָפּקינסאָן עוועניו, ברוקלין — דער לאָקאַל פֿון שול.

חבר פֿאָגעל דער בערדיטשעווער, דער איינגעוואָרצלטער אין יידישן לעבן, דער פֿאַרליבטער אין יידישן בוך און אין דער יידישער דערציאונג; און די פּינקוסעס — די וואונדערלעכע שטילע יידישע אינטעליגענטן, און קאָפּל ליפּשיץ

און חברטע ליפשיץ — און די באַשיידענע איבערגעגעבענע טוער — די מאַר־שאַקס. שאַפט מען אַ דראַמאַטישע גרופּע און קאַפּל ליפשיץ רעזשיסירט און די פּאַגעלס און די פּינקוסעס און אַלע אַנדערע שפּילן טעאַטער. מען לייענט יידיש, מען שפּילט יידיש, און מען לעבט יידיש. און אַז מען דאַרף לייענען די מגילה מיטן טראַפּ — לייענט זי חבר פּאַגעל, און אַז מען דאַרף אַ וויץ־צייטונג פאַר דער פּורימדיקער פּראָגראַם — שרייבט חבר פּאַגעל. און אַז מען דאַרף אָפּקלאַפּן די טירן און ווערבירן קינדער — גייט ח׳ פּאַגעל. קיין זאַך איז פאַר אים ניט צו שווער.

עטלעכע וואָכן פאַרן גרויסן אומגליק האָבן מיר ביידע אין איינעם, מיט ליפּע לעהרער פאַרבראַכט אַ שבתדיקן נאָך מיטאָג ביי אַ זיצונג. און חבר פּאַגעל — דער זעלבער שמייכלענדיקער, די זעלביקע פריינדלעכע באַציאונג. ווער וואָלט געגלויבט אַז דאָס זע איך אים צום לעצטן מאָל?

תולדותיהם של צדיקים — מעשים טובים, זאָלן זיינע מעשים לטובת אונדזער יידיש לעבן — דערציילן וועגן זיין לעבן.

י. גויכבערג

# דר. יחיאל קלינג ע״ה

מיטן טויט פון דר. יחיאל קלינג האָט די יידישע שול און קולטור־באַוועגונג אין אַמעריקע פאַרלוירן איינעם פון די מערקווירדיקסטע און אינטערעסאַנטסטע יידישע כלל־טוער. ער האָט במשך פון זיין לאַנגן לעבן געדינט דער יידישער קולטור מיט דער גאַנצער איבערגעגעבנקייט און אומקאָמפּראָמיסלעכקייט פון זיין וואַרעמער און ערלעכער נאַטור. אַלס טוער פון דער יידישער שול בכלל און פון דער שלום־עליכם שול בפרט האָט ער פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ מענטשן וואָס דינט דער אידייע שטענדיק און ווייסט ניט פון קיין פּשרות.

דר. יחיאל קלינג און זיין פרוי בערטא — איר צו לאַנגע יאָר! — האָבן ניט נאָר געדינט געטריי דער יידישער שול, נאָר אויך דער יידישער ליטעראַטור. אין דעם שיינעם און גאַסטפריינדלעכן הויז פון די קלינגס האָט די אַמעריקאַנער יידישע ליטעראַטור געהאַט אַ היים־אַדרעס. צו זיי איז געקומען אין משך פון צענדליקער יאָרן דער יידישער שרייבער, דער יידישער לערער אָנצואוואַרעמען זיך און געפינען סימפּאַטיע און ברידערלעכע זאָרגעוודיקייט.

פאַר דר. יחיאל קלינג איז קיין אַרבעט ניט געווען צו שווער אַבי צו העלפן דער שול און דעם לערער. עס דערמאָנט זיך מיר אַז דר. קלינג האָט אפילו גערעדט אויף גאַסן־מיטינגען לטובת דער שול. איך געדענק אַז איין מאָל האָבן מיר ביידע גערעדט אויף אַ גאַסנמיטינג, וואָס דער לערער — א. פּראַוואַטינער ע״ה, האָט אָרגאַניזירט אויף צו מאַכן פּראָפּאַגאַנדע פאַר דער שלום־עליכם שול 2. געשטאַנען זיינען מיר אויף אַ „טראָק" און גערעדט צו אַ גרויסן עולם פון הונדערטער מענטשן פון יענער געגנט, וואָס האָבן אונדז באַדאַנקט מיט הייסע אַפּלאָדיסמענטן. כבוד דעם אָנדענק פון אַ פּיאָנער, אַ בויער פון יידישן לעבן אין אַמעריקע, און אַ האַרציקן יידן פון העראָאישן אימיגראַנטישן דור.

ל. שפּיטאַלניק

# דוד שיין ע״ה

עס איז אַוועק פון אונדז אַ זעלטענער מענטש, אַ פאַרליבטער אין דער מאָדערנער יידיש־קולטור; אַ מליץ־יושר פאַר דער יידיש־וועלטלעכער שול וועלכער האָט אין משך פון קנאַפּע פופציק יאָר געזייט, געפלאַנצט, געוועקט און געמונטערט און ביז דער לעצטער מינוט פון זיין אַקטיוו, אימפעטיק, שעפעריש לעבן, איז זיין גלויבן אין דער וויכטיקייט פון אונדזער דערציאונגס־אַרבעט נישט אָפּגעקילט געוואָרן. דוד שיין איז געווען אַ קולטור־טוער און אַ קולטור־געניסער; אַן אינספּירירטער, נשמה־יתירהדיקער ייד — אַ מאָדערנע יידישע פערזענלעכקייט.

דוד שיינס פאַרליבטקייט אין דער מאָדערנער יידיש־קולטור און אין דער שלום־עליכם שול האָט נישט געהאַט קיין גרענעצן. ער האָט נישט געפרעגט כסדר — הגם ער האָט ווי מיר אַלע געוואָלט זען אַ סך קינדער אין אונדזערע שולן — וויפל קינדער לערנען אין דער אָדער יענער שול; פאַר אים איז פון דער צאָל קינדער נישט געווען אָפּהענגיק דער זכות־הקיום פון אונדזערע שולן — פונקט ווי אַן אמתדיק פרומער ייד וועט נישט מאַכן אָפּהענגיק זיין אמונה אין דער צאָל מיטגלידער פון אַ בית־המדרש. אַן עכטער אויטענטישער מענטש וואָס איז געטריי זיך, בויט זיינע איבערצייגונגען אויף דעם רוף פון זיין געוויסן אין האַרץ — נישט אויף דער גאַס; און דוד שיין האָט נאָכגעפאָלגט זיין אייגן האַרץ.

דוד שיין איז געווען רעליגיעז אין אָריגינעלן זינען פון דעם וואָרט — נישט אין זין פון דאָגמעס, אינסטיטוציעס, גלויבונגען און ריטואַלן — געבונדן מיטן קאָסמאָס. ער האָט פאַרמאָגט די קאָסמישע פיעטעט, די אינערלעכע הכנעה פאַר די יסודות פון אונדזער זיין: און ווייל ער איז געווען אַ פרייער מענטש, דערפאַר איז ער געווען אַ ייד פון גרויס אחריות. אַ שקלאַף וואָס איז אומפריי איז אויך אומפאַראַנטוואָרטלעך. פרייהייט, אין טיפסטן זין פון וואָרט מיינט אחריות פאַר דער וועלט, פאַר מיין פאָלק, פאַר מיין משפחה, פאַר מיינע מיטמענטשן. און דוד שיין איז נישט געווען קיין שקלאַף פון גאַסן־מאָדעס, פון אויטאָריטעטן, פון פרעסטיזש, נאָר דאָמינירט פון זיין האַרץ און געוויסן. עס איז אין אים געווען פאַראייניקט דער מענטש פון טאַט און געפיל; אַ פראַקטישער געשעפטס־מענטש, האָט ער גלייכצייטיק פאַרמאָגט די טיף־פילנדיקייט פון אַ סענסיטיוון, קינסטלערישן מענטשן. און פונקט ווי אַ קינסטלער פון וואָרט, פון פאַרב אָדער פון טאָן, איז ער געווען אַ קינסטלער פון מענטשלעכקייט. און אין דער קונסט האָט ער דערגרייכט אַ גאָר הויכע מדרגה. מיר דוכט זיך אַז דער טאַלאַנט צו קענען זיך פאַרוואַנדלען אין אַן „עסענץ״ פון מענטשלעכקייט איז נישט קיין קלענערער אויפטו און שעפערישער אַקט ווי דער טאַלאַנט אָנצושרייבן אָדער אויסצומאָלן אַ גרויס קונסט־ווערק.

דוד שיין איז געווען אַ פערזענלעכקייט וואָס איז נישט געגאַנגען מיטן שטראָם פון לייכטער באַקוועמער, מינימאַלער יידישקייט. ער איז געווען אַן אינספירירטער מענטש מיט אַ שליחות; ער האָט נישט בלויז געשטרעבט צו פאַרשטיין אונדזער וועלט, נאָר זי מתקן זיין און אין דער ערשטער ריי דורך דעם וואָס יידישע קינדער וועלן איינזאַפּן אין זיך טראָפּנס פון יידישער גייס־

טיקייט, פון יידישע ווערטן. איך פיל אַז מיט זיין לעבן האָט ער עפּעס מתקן געווען אין אונדזער יידישער וועלט. איר האָט געדאַרפט זען ביי אַ זיצונג ווען ביי אַלעמען לאָזן זיך אַראָפּ די הענט פון דער שווערער משא — ווען דוד שיין נעמט דאָס וואָרט: ווי ער דערמאָנט מיט האַרציקער אויפריכטיקייט די יונגע און אַלטע פּעסימיסטן וויפל שווערער עס איז געווען ביים אָנהייב פון דער יידי־שער שול מיט 45 און 40 יאָר צוריק, און מיט וויפל לייכטער עס איז איצט. זיין עכטע אמונה, זיין ביישפּיל, זיין אחריות האָט איינגעשטילט די פּעסימיסטן און אָנגעוואָרעמט די מידע, די קטני אמונה. זיין כסדרדיק מאָנען און וועקן צו גרויסע מעשים האָט געהויבן די הענט ביי לערער און שול־טוער. אָט דער קוועק־זילבערדיקער, אומרואיקער, מאָדערנער ייד האָט געוויזן אַ ביישפּיל דעם הי־געבוירענעם דור ווי צו לעבן מיט און פאַר אונדזער קולטור — און דאָס קען נישט און וועט נישט בלייבן אָן אַ ווירקונג.

זאָל זיין אָנדענק זיין געבענטשט! ש. גוטמאַן

# ל. כאַנוקאָוו ע״ה

מיט עטלעכע חדשים צוריק איז אַוועק פון אונדז אויף אייביק ל. כאַנוקאָוו, איינער פון די ראשונים — לערער אין די שלום־עליכם פּאָלקשולן, אין דער שלום־עליכם מיטלשול און אין קעמפּ „בויבעריק".

ל. כאַנוקאָוו איז געווען אַן אידעאַלער לערער און אַ זעלטן־איידעלער און צאַרטער מענטש. דערצו איז ער געווען אַ באַגאַבטער שריפטשטעלער און סקולפּטאָר; ער האָט געשריבן דערציילונגען, עסייען איבער קונסט און במשך די לעצטע יאָרן האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט האָלץ־שניצערייען וואָס האָבן גע־קראָגן אָנערקענונג מצד קונסט־מבינים. נישט געקוקט אויף די אַלע באַגאַ־בונגען איז ער געווען אַ נוח לבריות, אַ האַרציקער חבר און די פאַרקערפּערונג פון פּשטות און אויפריכטיקייט אין זיין טאָג־טעגלעכן אויפפיר.

כאַנוקאָווס ערשטע ליבע איז געווען יידיש און די יידישע ליטעראַטור. אָבער דאָס איז נישט געווען אויפן חשבון פון אַנדערע ליטעראַטורן. וואָרעם ער איז אויך געווען אַ קענער און אַ ליבהאָבער פון דער רוסישער און ענגלישער ליטעראַטור. עס איז געווען אַן עסטעטישע איבערלעבונג צו לייענען כאַנוקאָווס בריוו, וואו מ׳האָט נישט געקענט אַראָפּנעמען אָדער צוגעבן איין וואָרט. ער איז געווען אַ מוסטער־טיפּ פון דעם דור לערער־פּיאָנערן פאַר וועמען יידישע לערעריי איז אַ נאַציאָנאַלע און אויך אוניווערסאַלע שליחות — מתקן צו זיין דעם יידישן יחיד און דעם כלל דורך יידיש און מיט די ווערטן וואָס די יידישע ליטעראַטור פאַרקערפּערט.

מיר אַלע וואָס האָבן אים נאָענט געקענט וועלן אים לאַנג געדענקען.

ש. ג.

חבר כאַנוקאָוו איז פאַר מיר געווען מער ווי אַ יידישער לערער. ער איז געווען מיין יידישער שול־טאַטע. און אויב מיין אייגענער טאַטע האָט מיר פּרובירט איבערגעבן די יידישע ירושה פון דורות, האָט חבר כאַנוקאָוו איינגע־פלאַנצט אַ ליבשאַפט צו דער דאָזיקער ירושה אין די הערצער פון הונדערטער

יידישע אַמעריקאַנער־געבוירענע קינדער.

איך האָב כאַנוקאָוון זייער ליב געהאַט, און ווי אַ טאַטנס אַ קינד, בין איך געווען זיכער אין זיין ליבשאַפט צו מיר. נאָר וואָסער קינד האָט ער ניט ליב געהאַט! זיין לערערישער כוח איז געלעגן אין דעם וואָס ער האָט אַזוי ליב געהאַט יונגוואַרג — און זיי אים. און קינדער פון דער שול, פון דער מיטל־שול, פון קעמפּ בויבעריק, פלעגן אים שטענדיק לויפן אַנטקעגן, אים אַרומרינג־לען, שפּאַסן, הערן אַ מעשהלע פון אים. און אין וועלכן געמיט־צושטאַנד, ער זאָל ניט האָבן געווען, האָט ער שטענדיק געהאַט אַ ברייטן שמייכל און אַ האַרציקן שלום־עליכם פאַר זיי אַלעמען.

ווער געדענקט ניט כאַנוקאָווס ווערטל אין קלאַס: „יו אַר עי דזשענטלמען ענד עי סקאָלער!” מיר האָבן נאָך דעמאָלט געוואוסט אַז פּונקט דאָס איז ער אַליין געווען. וואָס איז מיר און נאָך אַ סך תּלמידים כאַנוקאָווס פאַרבליבן פון די יאָרן וואָס מיר האָבן מיט אים פאַרבראַכט אין שול? זיין ליבשאַפט פאַר דער יידישער ליטעראַטור, זיין בטחון אין דער צוקונפט פון דעם וועלטלעכן יידן אין אַמעריקע, זיין גלויבן אין דעם מענטשן, זיין הנאה פון דער שיינקייט פון דער נאַטור, און פון דער גרויסער וועלט פאַר ייד און ניט־ייד. דער עיקר — זיין שטאַרקער אייביק־יוגנטלעכער אָפּטימיזם. זיין גלויבן אין אַ וועלט פון שלום און יושר און אין דער ראָלע וואָס דער נייער דור וועט שפּילן דאָס צו פאַרווירקלעכן.

גיטעלע שווייד־פישמאַן

## עדנאַ קאַגאַן ע״ה

(געשטאָרבן דעם 19טן יולי 1962)

עדנא קאַגאַן האָב איך געקענט איבער צוואַנציק יאָר. זי איז געווען די לערערין פון מיינע צוויי עלטערע קינדער. איך הייב אַרויס די יידישע לערערין פון מיינע צוויי קינדער. פאַר דעם זייטיקן מענטשן איז שווער צו באַנעמען די אָנגעלאָדנקייט, דעם טיפן באַטייט פון די ווערטער — „אַ יידישע לערערין”.

זי האָט דערצויגן אינעם יידישן גייסט הונדערטער יידישע קינדער.

עדנא קאַגאַן האָט פאַרמאָגט אין זיך אַ סך אינעווייניקסטע רואיקייט, גלייכ־מאָסיקייט פון געמיט, וואָס איז געקומען פון עפּעס אַ פאַרבאָרגענעם קוואַל מיט לעבנס־חכמה. זי איז געווען אַן עכטע יידישע מאַמע, מיט אַלע מעלות פון דער יידישער מאַמען.

שלמה סיימאַן

## יעקב לייבוש ראַבינער ע״ה

מיטוואָך, דעם 27טן אָקטאָבער 1948, איז געשטאָרבן י. ל. ראַבינער. ער איז געשטאָרבן פּלוצלונג, אין מיטן פון אַ רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטן אויף אַ פאַרוואַלטונג־מיטינג. ער איז בסך־הכל אַלט געווען 52 יאָר.

י. ל. ראַבינער איז געווען פאַרטאָן מיט אַלע זיינע רמ״ח אברים אין אויפבויען די ערשטע יידישע נאַציאָנאַלע טאָג־שול פון שלום־עליכם פאָלק־אינסטיטוט. ער איז געווען אַ מענטש מיט ערודיציע און מעטאָד; ער האָט

געהאָפּט אויפצובויען אַ גרויסע יידישע חינוך־אינסטיטוציע און באַלד, אין אָנהייב פון זיין אַרבעט, האָט ער אַזוי פלוצלונג און אומגעריכט אויסגעהויכט זיין נשמה.

יעקב לייבוש ראבינער איז געווען פאַרבונדן מיטן שלום־עליכם פאָלק־אינסטיטוט העכער צוואַנציק יאָר, ער איז געווען אַ שטאַרקער אָנהענגער פון אַ פרייהייטלעכער דעמאָקראַטישער אָרדענונג. זיין פילאָסאָפישע שיטה אין לעבן איז געווען אַ פּלוראַליסטישע; וואָס שייך דעם יידישן פאָלק, האָט ער זיך אויך באַמיט אָנצואווענדן זיין פּלוראַליסטישן איינשטעל; מדינת ישראל איז טאַקע די גרעסטע און ליכטיקסטע דערשיינונג אין דער יידישער געשיכטע זינט דעם חורבן בית שני, אָבער אויך אין חוץ־לארץ וועלן לעבן ס׳רוב יידן, און אומעטום מוז זיין אַ נאַציאָנאַל־פאַרוואָרצלט יידיש לעבן, וואָס זאָל זיין די גייסטיקע יניקה פון אונדזער ווייטסטן עבר.

י. זילבערבערג

## מ. בזשאָזע, ע״ה

מ. בזשאָזע איז געווען צוויי־דריי יאָר דער סעקרעטאַר פון שלום־עליכם פאָלק־אינסטיטוט, ער איז אויך געווען עטלעכע זומערן דער קולטור־דירעקטאָר פון קעמפּ בויבעריק, אָבער די מערסטע צייט, וואָס ער איז געווען פאַרבונדן מיטן שלום־עליכם פאָלק־אינסטיטוט, איז ער געווען אַ לערער אין די שולן.

מ. בזשאָזע איז באַזונדערס געווען טעטיק אין דער קאָני־איילענדער שלום־עליכם פאָלקשול 17. דאָרטן האָט ער דורכגעפירט אַ סך אַקטיוויטעטן סיי מיט די שול־קינדער און סיי מיט דערוואַקסענע. דער קינדער־אָרקעסטער פלעגט אפילו אויפטרעטן אויף דער שול־קאָנפערענץ, וואָס איז טאַקע פאַרגע־קומען אין דער היים פון שול 17. מ. בזשאָזע האָט זיך אויך באַטייליקט אין פאַרבעסערן און אויסברייטערן דעם לימודים־פּראָגראַם פון די שלום־עליכם פאָלקשולן. ער איז געווען אַן אָנגעזעענער און גוטער רעדנער און פלעגט אָפט אויפטרעטן אויף שול־אונטערנעמונגען. מ. בזשאָזע איז געשטאָרבן אין יונגן עלטער פון עטלעכע און פופציק יאָר.

## יהושע קאַמינסקי (1883 — 1958)

זונטיק, דעם 30טן נאָוועמבער 1958, איז אַוועק פון אונדז אויף אייביק י. קאַמינסקי — איינער פון די אויפטוערישסטע בויער אין דער מחנה פון שלום־עליכם פאָלק־אינסטיטוט; ער האָט געהאָלפן גרינדן דעם קעמפּ „בויבעריק״, דעם פאַרלאַג „מתנות״ און אַ גאַנצע ריי שלום־עליכם־שולן. ער איז געווען אַ פּיאָנערישער שול־בויער מיט שוואונג, מיט וויזיע און מיט אַן אומבויגזאַמען ווילן וואָס האָט זיך נישט אָפּגעשראָקן פאַר שווערע סיטואַציעס אָדער דורכפאַלן.

אַ דאַנק זיין פּיאָנערישקייט און אמונה זיינען אויפגעבויט געוואָרן וויכטיקע קולטור־אינסטיטוציעס וואָס האָבן באַרייכערט אונדזער יידיש לעבן. ער האָט געפונען אַ תיקון פאַר זיין נשמה יתירה אין דער אַרבעט פאַרן יידישן קינד אין דער יידישער שול. מיר וועלן אים שטענדיק געדענקען מיט ליבשאַפט.

# לייבוש שפּיטאַלניק ע״ה

איך בין געקומען מספּיד זיין אַ נאָענטן חבר און פריינד פון לאַנגע יאָרן, וואָס איך האָב ניט נאָר געהאַלטן טייער נאָר אויך געהאַט פאַר אים גרויס דרך־ארץ. מען קען און מען מעג אויף אים אָנווענדן די פּסוקים פון דעם נביא ישעיהן: „הצדיק אָבד״ — דער גערעכטער גייט אַוועק און קיין מענטש נעמט זיך ניט צום האַרצן און דער מענטש פון גענאָד, דער פיינער מענטש ווערט אַוועקגענומען און קיינער באַנעמט עס ניט, אַז צוליב אונדזער אומרעכט ווערט אַוועקגענומען דער גערעכטער״. (ישעיהו נ״ז, א).

מען קען זאָגן אָן גוזמא אויף דעם דור פון לייבוש שפּיטאַלניק „והנפילים היו אז בארץ״ — אַ דור וואָס אין אים האָבן געלעבט ריזן, ריזן, וואָס אין דעם זין, וואָס די וועלט די גאַנצע וועלט, אַלץ וואָס אין איר איז אָנגעגאַנגען, האָט זיי באַרירט. ער האָט אויף דעם דאָזיקן וועג געפירט זיין לעבן. ער איז געווען אַ יידישער לערער. איבער 40 יאָר האָט ער געלערנט אין יידישע שולן. קיין צו גרויסן פעלד האָט ער פאַר זיך נישט געהאַט. יידישע שולן זיינען רעלאַטיוו אָרעם. אָבער, ער האָט זיך ניט באַגנוגנט מיט זיין בלויז אַ לערער פאַר די קינדער. ער האָט שטענדיק גערעדט צו זיי ווי ער וואָלט פאַר זיך געהאַט אַ וועלט טריבונע. ער האָט זיי איבערגעגעבן דורך וואָרט, ריידן צו זיי, און דורך שפּיל יענע גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכקייט וואָס דער ייד פילט פאַר דער וועלט. אַלץ האָט אים געאַרט. ווער עס האָט אים ניט געזען אויף די עלטערן־פאַרזאַמ־לונגען, אויף די פאַרוואַלטונג זיצונגען און אויף יום־טובים אין שול אָדער אונטערנעמונגען האָט ניט געזען קיין גייסטיק באַטרונקענעם מענטשן. אַ סך האָבן געמיינט אַז עס איז געווען קאָמיש וואָס ער האָט שטענדיק אַריינגעמישט „הויכע ענינים״ פון וועלט־פּאָליטיק פון וועלט־אומרו און ליידן און געשעענישן פון דער יידישער געשיכטע און יידישער אַנדערשקייט אין זיינע מעשים און זיינע רעדעס. ער האָט גערעדט ווי ער וואָלט ניט געהאַט פאַר זיך קיין אָרעמע, קליינע פאַרוואַלטונג, וואָס מאַטערט זיך אויסצוהאַלטן אַ קליין שולכל, נאָר אַ קערפּער־שאַפט, וואָס קען באַווירקן די וועלט. אָבער באמת האָט פון זיין מויל אַרויסגע־רעדט דער קול פון זיין דור, וואָס האָט געהאַלטן, אַז יעדער מענטש דאַרף אויף זיך קוקן ווי ער אַליין איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער גאַנצער וועלט און ער דאַרף טאָן אַלץ, וואָס ער קען צו ברענגען זי צו שלימות. ניין, ער דאַרף אַלץ טאָן ווי ער אַליין, נאָר ער אַליין, וואָלט זי געקענט ברענגען צו שלימות. מיט וואָס איז ער געווען אַנדערש פון די פאַרהאָרעוועטע און פאַריאָגטע יידן, וואָס האָבן מתפּלל געווען, אַז די לבנה זאָל ווערן גאַנץ? זיי האָט אַלץ געאַרט און אים האָט אַלץ געאַרט.

די ביימער פאַלן און דער וואַלד ווערט שיטערער און שיטערער. אַ נייער דור וועט קומען און פאַרנעמען דעם אָרט. ווער ווייסט צי דער נייער דור וועט פאַר־שטיין די גרויסע ירושה און פילן די אחריות, וואָס אַ ייד האָט געהאַט פאַר דער וועלט. איינער פון דעם דור נפילים ליגט דאָ פאַר אונדז, זאָג איך צום נפטר: שלום לעפרך.

דר. שלמה סיימאָן

# שרה ל. ליבערט ע״ה

געשטאָרבן סוף יאַנואַר 1955.

שרה ליבערט האָט געאָטעמט מיט דעם שלום־עליכם פאָלק־אינסטיטוט, קיין אַנדער לעבן אַחוץ דעם אינסטיטוט און זיינע צווייגן האָט זי ניט געהאַט. זי האָט זיך שטאַרק איבערגענומען, וואָס זי איז אַמאָל געווען אַ לערערין אין די שלום־עליכם פאָלקשולן. זי האָט באַטראַכט די אַרבעט פון דעם יידישן לערער ווי אַ הייליקע עובדא, ביז דער לעצטער שעה, האָט זי געחלומט, אַז יידישע קינדער וועלן לייענען איר ניי לייענבוך.

אין איר אַרבעט ווי אַ „סאָשעל וואָירקער״, איז ביי איר געווען דער עיקר די־נען דעם פאָלק, קומען אין באַרירונג מיט מענטשן, זיי אַרויספירן אויף דעם דרך־הישר, לערנען און באַדינען אירע מיטמענטשן.

שרה ליבערט האָט אַלע מאָל געהאַט טענות, צו זיך און צו אונדז אַלעמען. טענות הלמאי אונדזערע קינדער האָבן ניט אַזעלכע שיינע שול־אויסגאַבעס צו לערנען און לייענען ווי עס האָבן די אומות העולם; פאַרוואָס די שולן געפינען זיך ניט אין קיין פּאַסיקע לאָקאַלן. טענות הלמאי ניט אַלע פאַרשטייען אַזאַ פּשוטע זאַך, אַז אַ קינדערגאָרטן איז דער יסוד פון דער שול און דעריבער מוזן די לערער און פאַרוואַלטער אָפּגעבן אַ סך אַרבעט און כוחות, אַז אַרום יעדער שול זאָל זיך געפינען אַ קינדערגאָרטן. און נאָך טענות און טענות האָט שרה ליבערט געהאַט.

שרה ליבערט האָט געלעבט אַן ערלעך און שיין לעבן. כבוד איר ליכטיקן אָנדענק!

י. זילבערבערג

# מיכל גאָרעליק ע״ה

אָנהויב סעפּטעמבער, 1961, איז אַוועק אויף אייביק מיכל גאָרעליק — לאַנג־יאָריקער מיטגליד פון דער אַדמיניסטראַציע און בויבעריק־קאָמיסיע.

מיכל גאָרעליק ע״ה האָט געהערט צו די טעטיקסטע און אחריותדיקסטע טוער אין דער ש״ע שול־באַוועגונג. די ש״ע שול איז געווען פאַר אים די טייערסטע יידישע אינסטיטוציע און ער האָט זי אָפּגעהיט ווי אַ מאַמע היט אָפּ איר איינציק קינד. קיין זאַך איז אים ניט געווען שווער צו טאָן פאַר אַ שול — זי אָפּצוראַטעווען פון אונטערגאַנג. ער פלעגט שוין זייענדיק אַלט און שוואַך, פאָרן לאַנגע שטרעקעס צו באַזוכן אַ שול — ספּעציעל די ש״ע שול 1 — ווען איר עקסיסטענץ איז געווען אין סכנה. ער האָט זעלטן פאַרפעלט אַ זיצונג פון אַ צווייג פון ש״ע פאָלק־אינסטיטוט וואו ער איז געווען אַ מיטגליד.

זאָל זיין אָנדענק זיין געבענטשט.

---

# באַריכטן פון צווייגן און שולן

## די שלום־עליכם פרויען־אָרגאַניזאַציע

די שלום־עליכם פרויען־אָרגאַניזאַציע אַרום דעם שלום־עליכם פאָלקס־אינסטיטוט האָט זיך געשטעלט פאַר איר הויפּט־ציל אַרויסצוהעלפן די קינדער־גאָרטנס און פאָרשול־קלאַסן אַרום די שולן. פאַר דעם צוועק האָט זי אָנגע־שטעלט די דערפאַרענע לערערין געלע פישמאַן, וואָס איר עובדה איז אַכטונג געבן אויף דער פּעדאַגאָגישער זייט פון די פאָרשול־קלאַסן און קינדערגאָרטנס. זי צייכנט אָן, מיט דער הילף פון חבר גוטמאַן, דעם עקזעקוטיוון דירעקטאָר פון שלום־עליכם פאָלקס־אינסטיטוט, און דער פּעדאַגאָגישער קאָמיסיע, די פּראָגראַם פון די קינדערגאָרטנס און פאָרשול־קלאַסן און זי גיט אַכטונג, אַז די פּראָגראַם זאָל דורכגעפירט ווערן. כדי די לערערינס זאָלן דורכפירן די אַרבעט כשורה האָט חברה געלע פישמאַן אָפטע זיצונגען מיט זיי און גרייט צו פאַר זיי, און גיט זיי איבער די פּאַסיקע מאַטעריאַלן און אָנווייזונגען דורכצופירן די אַרבעט בשלימות. חוץ דער דאָזיקער פּעדאַגאָגישער הילף גיט אויך די פרויען־אָרגאַניזאַציע אַרום דעם שלום־עליכם פאָלקס־אינסטיטוט פינאַנציעלע הילף צו די שולן, וואָס האָבן אַ קינדערגאָרטן אָדער אַ פאָרשול־קלאַס. די הילף ווערט געגעבן לויט דער צאָל טעג, וואָס עס ווערט געלערנט אין קינדערגאָרטן אָדער פאָרשול קלאַס. די פּאַראייניקטע מיטלשול קריגט אויך שטיצע.

אָבער חוץ דער דאָזיקער הילף גיט אויך די פרויען־צענטראַלע אַ חשובעביישטייערונג צום שלום־עליכם פאָלקס־אינסטיטוט, צום „קינדער־זשורנאַל", און צום יידישן לערער־סעמינאַר און גאָר אָפט צו אַ שול, וואָס נויטיקט זיך אין אַן עקסטרע סובסידיע.

די פאָנדן פאַר די דערמאָנטע צוועקן ווערן געשאַפן קודם כל דורך איינ־שטעלן חודשלעכע לאָנטשנס. אין יעדן חודש ווערט צוגעגרייט אַ לאָנטשן פון אַ חברטע ביי איר אין הויז. עס ווערט גערעכנט איינטריט־געלט. אָבער די לאָנטשנס זיינען ניט קיין „טרוקענע"; אַלעמאָל איז דאָ אַ פאָרלעזונג פון דער יידישער ליטעראַטור און אָפט אַ דיסקוסיע. די פאָרלעזערין איז גאַנץ אָפט חברטע גרעקין.

חוץ די לאָנטשנס ווערט דורכגעפירט אַ יערלעכער פלעט, אַ טעאַטער אונ־טערנעמונג און ועל כולם דער יערלעכער לאָנטשן. די דאָזיקע שמחה, וואָס ווערט געווינטלעך דורכגעפירט אין די ערשטע חדשים פון פרילינג האָט באמת גאָר אַ פייערלעכן כאַראַקטער. עס איז דאָ אַלעמאָל אַ פּראָפעסיאָנעלע זינ־גערין און אַ חשובער גאַסט־רעדנער.

יעדן יאָר ווערט אויך דורכגעפירט אַ „ראָמעדזש סייל״, וואָס איז פאַרבונדן מיט גאָר אַ סך אַרבעט, אָבער עס איז אַ מקור פון הכנסה.

די אַרבעט ווערט אָנגעפירט פון אַ קליינער גרופּע פרויען. יעדע איינע פון זיי איז ווערט דערמאָנט צו ווערן און געלויבט צו ווערן. אָבער דעם גרעסטן קרעדיט קומט אונדזער פּאָרזיצערין חברה מאַניע אייזנבערג, וואָס ווערט קיינ־מאָל ניט מיד און קיינמאָל ניט אָפּהענטיק און איז אַ קוואַל פון אינספּיראַציע פאַר דעם הייפל טוערינס. חברה גרעקין, די סעקרעטאַרין פאַרדינט אַ סך לויב.

אין דער עקזעקוטיווע געהערן די דאָזיקע חברטעס: פ. וואַלעצקי, ס. גוריש, ע. קיטייער, מאַשע פאַרבמאַן, שרהקע גוטמאַן, מ. סטאַראָבין, ראָז קאָרנפעלד, ע. סענדערס, פ. פייפער, י. סאַלקאָף, ר. ליפשיץ, פאַניע לאַפּין, ק. קרוגמאַן און פ. קליינפעלד.

אָבער זאָל זיין קלאָר אַז די שבחים צו אונדזער פּאָרזיצערין און סעברע־טאַרין מיינט ניט צו מינערן די וואונדערבאַרע אַרבעט, וואָס די אַלע חברות טוען. זאָלן זיי אַלע זיין געבענטשט און געשטאַרקט.

רעקאָרד־סעקרעטאַרין לאה סיימאַן

## קעמפּ בויבעריק

די מעלות פון אַ קעמפּ — געזען פון דרויסן — ווערן אָפט געמאָסטן מיט ציפערן וואָס שטעלן פעסט די צוגעבונדנקייט פון עלטערן און קינדער. אין דעם פּרט צייכנט זיך אויס בויבעריק פון 1962 מיט די ווייטערדיקע פאַקטן:

1) מער ווי 2/3 קעמפּערס זיינען געקומען צוריק. אין דעם איז כסדר געוואַקסן די צאָל, אין משך פון יאָרן, וואָס קערט זיך אום יעדן זומער, און מאַכט דעריבער לייכטער די גאַנצע קעמפּ־פירונג.

2) מער פון 27 פּראָצענט (68) זיינען געווען קינדער פון פריערדיקע קעמפּערס.

3) קיין קעמפּער איז ניט אַוועק ביזן סוף פון סעזאָן.

4) אַ צאָל האַלב־סעזאָניקע וואָס האָט געוואָלט בלייבן האָט מען געמוזט אָפּזאָגן.

5) אין משך פון סעזאָן זיינען אין קעמפּ געווען 263 קינדער — אַזוי פיל וויפל דער קעמפּ קען אַריינעמען.

די היעראַרכיע פון פּערסאָנאַל: דירעקטאָר, הויפּט־אויפּפאַסער און זיינע 4 געהילפן, 2 ביי די מיידלעך און 2 ביי די יינגלעך, 33 אויפּפאַסער און זייערע 6 פאַרטרעטער (אין פרייע טעג) און טיילווייזע מיטהעלפער וואָס זיינען אויך קעמפּערס. אַחוץ דעם זיינען פאַראַן אַ צאָל וואָס גיבן זיך אָפּ מיט ספּעציאַליסט־שע אַרבעטן ווי טאַנץ, געזאַנג, נייען קאָסטיומען, קעמפּ מוטערס, 4 מענטשן ביים וואַסער, קונסט, קעמפּ אָפיס. אַרום און באַנוצט זיך דער קעמפּ מיט 67 אָנגעשטעלטע אין דעם גייען ניט אַריין די וואָס אַרבעטן פאַר די קינדער אין עס־צימער און קיך.

אין יעדן קעמפּ זיינען פאַראַן גענוג פּערסאָנאַל־פּראָבלעמען. קודם־כל,

צו קריגן די פּאַסיקע מענטשן, פאַר אַן אידעאישן קעמפּ, וואָס נייטיקט זיך אין אָנגעשטעלטע מיט אַ באַשטימטער איינשטעלונג, איז די לאַגע נאָך ערגער. ביי נייע אָנגעשטעלטע מוז מען מער־ווייניקער פאַרלירן אַרום אַ האַלבן סעזאָן ביז זיי כאַפּן דעם גייסט און די גאַנצע סיסטעם. ווען זיי קומען מער ניט צוריק, דאַרף מען דעם קומענדיקן סעזאָן דורכגיין דעם זעלביקן פּראָצעס. עס טרעפט אַמאָל אַז אַ ספּעציאַליסטישער מיטאַרבעטער „כאַפּט ניט דעם שניט" אַ גאַנצן סעזאָן און דער ווערט פון זיין אַרבעט הייבט זיך אָן אַרויסצואווייזן ערשט דעם קומענדיקן זומער, ווען ער קומט צוריק.

די דאָזיקע קעמפּ־לאַגע, וואָס אָנגעשטעלטע האַלטן זיך אַ קורצע צייט, רופט זיך אָפּ צום שווערסטן אויף די פונקציעס פונעם יידישן קולטור אויפפּאַסער אין בױבעריק. דער פאַקט וואָס אָט דער אָמט בייט זיך כמעט יעדן זומער באַטייט אַז דער וואָס איז ממונה אויף דעם, קען, אפילו ביים בעסטן ווילן, ניט העלפן שאַפן אַ סטאַבילן דרך ווי מיר האָבן עס אין אַנדערע טעטיקייטן. מוז די אַרבעט ממילא ליידן.

די אַרבעט אין גאַנצן גענומען, איז דעם פאַרגאַנגענעם זומער געווען זייער צופרידנשטעלנדיק, סיי אין די טעטיקייטן אין קעמפּ (די פאָרשטעלונגען און אַלע פאַרשיידענע פּראָגראַמען, אַריינגערעכנט די ספּעציעלע ש"ע פאָרשטעלונג מיט די קינדער) סיי די אַרויספאָרן צו פאַרשיידענע אונטערנעמונגען וואָס זיינען אינטערעסאַנט פאַר יינגערע און עלטערע. דער פאַקט וואָס היי־יאָר האָט זיך דער קעמפּ אָנגעפילט גאַנץ פרי, מעג מען אויך טיילוויז פאַרדאַנקען דער צופרידנקייט וואָס די אַרבעט פון פאַראַיאָרן האָט געבראַכט.

די געסט־זייט איז תמיד באַזאָרגט געוואָרן מיט פיינע וואוין־פּלעצער און באַקוועמלעכקייטן, בכלל האָט זיך אונדזער געסט־זייט גאָר ניט וואָס צו שעמען פאַר די באַרימטערע זומער־האָטעלן, סיי אין וואוינונג, סיי אין באַקוועמלעכקייט, סיי אין אַלע אַנדערע פיזישע און גייסטיקע נויטן און זומערדיקע פאַרגעניגנס. אין דער עפנטלעכקייט האָט בױבעריק זיך געשאַפן אַ נאָמען פון גוטע באַדינגונגען צו פאַרברענגען דאָרט, פון אַ ראַיעלער אונטערנעמונג און פון ראַפינירטער קולטורעלקייט אין יידישן אינהאַלט.

## פאַרלאַג מתנות — קינדער זשורנאַל

ווען דער שלום־עליכם פאָלק־אינסטיטוט איז אַלט געווען זיבן יאָר, איז געשאַפן געוואָרן דער „קינדער־זשורנאַל". די אידייע פון דער יידיש־וועלטלעכער שול איז געוואָרן פּאָפּולער, נייע שולן, פון אַלע ריכטונגען, זיינען אויפגעקומען, האָט מען געדאַרפט האָבן ליטעראַטור אויף יידיש פאַר די קינדער, צו לערנען און צו לייענען, דעמאָלט אין 1920, האָבן מיר אָנגעהויבן אַרויסגעבן דעם „קינדער־זשורנאַל".

פיר און פערציק יאָר זיינען שוין אַוועק, דער „קינדער־זשורנאַל" דערשיינט רעגולער, און ווערט געשיקט אין דרייסיק לענדער איבער דער וועלט, וואו אונדזערע ברידער און שוועסטער האָבן אויפגעשטעלט זייערע געצעלטן.

דער קינדער זשורנאַל איז אַ גרויסע הילף אין דער יידישער דערציאונג פון אונדזערע קינדער, ער העלפט ממשיך זיין דעם גאָלדענעם פּאָדעם פון אונדזער גרויסער און רייכער געשיכטע; אַז אונדזערע קינדער זאָלן בלייבן מיט אונדז.

פיר און פערציק יאָרגענג זיינען עדות אַז מיר האָבן אָן אַ שיעור באַריי־כערט די ליטעראַטור אויף יידיש פאַר אונדזערע קינדער, מיט די שאַפונגען וואָס אונדזערע קינסטלער האָבן געשאַפן און געדרוקט אין קינדער־זשורנאַל. קרוב צו 200 פּיעסן האָבן מיר געדרוקט אין קינדער־זשורנאַל, וואָס זיינען אויפגעפירט געוואָרן פון די קינדער און האָבן אַריינגעבראַכט יום־טוב, און אויך פינאַנציעלע הילף, אין די שולן. אַ גרויסע צאָל מוזיקאַלישע שאַפונגען צו די לידער פון אונדזערע דיכטער, אויך לידער און דערציילונגען צו אַלע אונדזערע יום־טובים. ביאָגראַפיעס פון באַרימטע יידישע, און נישט־יידישע פערזענלעכקייטן, אַ גרויסע צאָל שפּילערייען און אויך מאַטעריאַל פאַר די קינדער־גאָרטנס. ווי שיין און נוציק דאָס איז געווען, איז עס אָבער נישט געווען גענוג פאַר דעם וואוקס און אויסשפּרייטונג פון אונדזערע אַלע שולן, האָבן מיר אין 1925 געגרינדעט דעם, פאַרלאַג מתנות. דער צוועק איז געווען אַ פאַרלאַג פאַרן „קינדער־זשורנאַל". אָבער באַלד האָט זיך די טעטיקייט אויס־געברייטערט און ס'איז געוואָרן אַ גרויסער און טעטיקער פאַרלאַג. מיר האָבן אָנגעהויבן אַרויסגעבן ביכער אויך פאַר דערוואַקסענע. היינט, נאָך ניין־און־דרייסיק יאָר שיינט אונדזער קאַטאַלאָג מיט אַ גרויסער און רייכער ליסט פון די ווערק פון די באַרימטסטע שרייבער אונדזערע: דיכטער, נאָוועליסטן, וויסנשאַפטלער און פעדאַגאָגן. אַ טייל פון די ווערק זיינען דערשינען אין עט־לעכע אויפלאַגעס. די לערנביכער אונדזערע זיינען דערשינען ביז צען אויפ־לאַגעס, און ווערן גענוצט אין אַלע שולן איבער דער יידישער וועלט. אונדזערע אויסגאַבעס האָבן געוואונען אַ סך לויב פון דער קריטיק און פון לייענער־עולם פון אומעטום. די דאָזיקע טעטיקייט ווערט ווייטער געטאָן און מיר גרייטן צו צום דרוק נייע וויכטיקע און ניצלעכע ווערק.

## קאַטאַלאָג פון פאַרלאַג „מתנות"

ייִנגעלע רינגעלע, פון לעאָן עלבע, אילוסט. — אהרן גולדמאַן, 3טע אויפל.
שמערל נאַר, פון שלמה סיימאָן, אילוסט. — אהרן גולדמאַן.
דאָס קלוגע שניידערל, פון שלמה סיימאָן, אילוסט. — י. פרידלענדער.
קינדער־יאָרן פון יידישע שרייבער, בוך 1, פון שלמה סיימאָן.
קינדער־יאָרן פון יידישע שרייבער, בוך 2, פון שלמה סיימאָן.
טאָלי און טאָבי, פון י. מעצקער, אילוסט. — י. פרידלענדער.
וואונדער־מעשיות פון זשיאן באַטיסטאַ באַסילע, באַאַרבעט אויף יידיש
פון יצחק האָראָוויץ, אילוסטרירט — נאָטע קאָזלאָווסקי.
דער ליבער יום־טוב, פון זינאַ ראַבינאָוויטש, אליוסט. — מיכל ווײַנער.
גאָטס באַשעפענישן, דערציילונגען פון י. מעצקער, אילוסט. — חיים גראָס.
אונטערן טייטלבוים, דערציילונגען פון לעווין קיפּניס, אילוסט. — פון איזא.

אדאס לידערבוך, אפרים אויערבאַך, אילוסט. — הענעך גליצנשטיין.
דריי באַרימער, דוד ראַדין, אילוסט. — יצחק ליכטנשטיין.
ראָבערט ווענטורעס, שלמה סיימאָן, אילוסט. — נאָטע קאָזלאָווסקי.
דאָס טעלערל פון הימל, אַלף כץ, אילוסט. — יאָסל קאָטלער.
געשיכטע־העפטן. 3 ביכלעך פאַרן ערשטן, צווייטן און דריטן לערניאָר
פון י. מ. גודלמאַן (6טע אויפלאַגע).
חומש פאַר קינדער, לויט יהואָש, פון שלמה סיימאָן (פערטע אויפלאַגע).
דער אָנהייבער, לערנבוך, פון דוד ברידזשער (10טע אויפלאַגע), אילוסטרירט.
אַרבעטס־בוך, צום אָנהייבער — דוד ברידזשער, אילוסט. — מ. וויינער.
יהושוע און שופטים, איבערגעזעצט, צוזאַמענגעשטעלט, שלמה סיימאָן.
מאָטל פייסי דעם חזנס, פון שלום־עליכם, פאַרקירצט פון י. זילבערבערג.
געבונדענע יאָרגענג „קינדער זשורנאַל", שיין און שטאַרק געבונדן.
יידישקייט און אַנדערע פּראָבלעמען, פון לייבוש לעהרער.
קידוש השם, פון שלום אַש.
פּסיכאָלאָגיע און דערציאונג, פון לייבוש לעהרער.
די משפחה קאַרנאָווסקי, פון י. י. זינגער (דריטע אויפלאַגע).
ר' סעדיה גאון — זיין לעבן און שאַפן — פון ז. ברושי.
דער גייער, פון מנחם באָריישאָ (צווייטע אויפלאַגע) דע־לוקס.
שטראַלנדיקע יידן (לידער), פון יעקב גלאַטשטיין.
נעמיראָוו (אַ כראָניק אין פערזן), פון י. גויכבערג.
פון אַ וועלט וואָס איז נישטאָ מער, פון י. י. זינגער.
אַ דור — אָפקלייב פון פאָעמען און לידער — מנחם באָריישאָ.
אין די טעג פון די נביאים — שלמה סיימאָן.
אין תוך גענומען (עסייען, 544 זייטן) פון יעקב גלאַטשטיין.
געזאַמלטע לידער (2 בענד, 640 זייטן), פון אהרן צייטלין.
געזאַמלטע לידער, באַנד 3, פון אהרן צייטלין.
דערציילונגען פון י. י. זינגער.
דורך דורות — מנחם באָריישאָ, ביאָגראַפיע פון לעאָן פינקעלשטיין.
די ברידער אשכנזי, פון י. י. זינגער, 668 זייטן.
ר' נחמן בראַסלאַווער, פון הלל צייטלין, מיט אַן אַריינפיר „מיין פאָטער",
פון אהרן צייטלין.
דעם טאַטנס שאָטן (לידער), יעקב גלאַטשטיין.
אויפן זיידנס פעלדער — י. מעצקער.
מיין טאַטנס קרעטשמע, יצחק האָראָוויץ, אילוסט. — שלמה לערנער.
אין ניו־יאָרק — משה לייב האַלפּערן.
די גאָלדענע פּאַווע — משה לייב האַלפּערן — צייכענונגען יאָסל קאָטלער.
דריי ברידער זיינען מיר געווען — שלמה ביקל.
יאָשע קאַלב (ראָמאַן), פערטע אויפלאַגע — י. י. זינגער.
אַ שטוב מיט זיבן פענצטער (דערציילונגען), פון קאַדיע מאָלאָדאָווסקי.
אַריינפיר אין חסידות און דער וועג פון חב"ד, פון הלל צייטלין.

שרייבער פון מיין דור, עסייען, פון שלמה ביקל.
אַזוי זיינען יידן (עסייען), לייבוש לעהרער.
פון דור צו דור (עסייען), לייבוש לעהרער.
מענטש און אידייע (עסייען), לייבוש לעהרער.



# אין די שלום עליכם פאָלקסשולן

## שלום־עליכם פאָלקשול 1

115 איסט 169סטע גאַס, בראָנקס

אַז דער וועג פון יידישער דערציאונג אין די אַמעריקאַנער באַדינגונגען איז זייער אַ שווערער, איז ברייט באַקאַנט. די טוערס פון אַ שול, אין איינעם מיט זייערע לערערס, קומט תמיד אויס צו קעמפן מיט אַלערליי שטרויכלונגען. די פאַרוואַלטערס און טוערס מוזן אומדערמידלעך אַרבעטן כדי אויפצוהאַלטן די שול.

מיר באַמיען זיך איינצופלאַנצן אין די תלמידים ליבשאַפט צו אונדזערע ברידער איבער גאָר דער וועלט. אונדזערע געוועזענע תלמידים ווירקן איצט אין יידישן לעבן. אַזוי איז געלע שווייד־פישמאַן די אָנפירערין פון די קינ־דער־גאָרטנס. חנה פייערשטיין אין סטודענטין אין בראַנדייס אוניווערסיטעט פאַרנעמט דאָרט אַ זייער בכבודיק אָרט. רבקה ראָונעס האָט באַווירקט אירע עלטערן צו ווערן טעטיק אין דער שול. זי פירט אָן מיט אַלע קינדער־פייערונגען און נעמט אָנטייל אין אַלע קולטור־אונטערנעמונגען. די שול איז אויך אַן אָרט וואו דערוואַקסענע לעבן זיך אויס אויף אַ קולטורעלן אופן: עס ווערן דורכגעפירט לעקציעס וועגן יידישע צייט־פראַגן.

אונדזער אָפטער לעקטאָר איז דער באַוואוסטער זשורנאַליסט דוד לערער. די פאַרוואַלטערס, מענטשן מיט עקשנותדיקער אַנטשלאָסנקייט, וואָס מאַכן מעג־לעך אַז שולן זאָלן עקסיסטירן זיינען:

משה און מאַרטאַ איטקין, בעלאַ גאָטעסמאַן — די קאָמפּעטענטע לערערין פון פאָרשול־קלאַס, ליבע גרעקין, שרה גאָטליב, די חברים ה. געסעלאָוו, חברטע ה. זאַרנעל, חברים ל. ליפשיץ, דר. יהודה און קייליע מינקין, חברטע פ. סטאָראָ־בין, טאָשע סימאַן — די לערערין, ליבע עבלינג, מרים פינקוס, פערל קרופיט, חברטע פ. קליינפעלד, שרה און בערל ראָונעס, חברים א. שוואַרץ, חברטע אַ. שווייד.

אַ שול איז אַ פאָלק אין מיניאַטור. ווי אַ פאָלק לעבט די שול איבער פריידן און לײדן. גרויס צער האָט אונדז פאַרשאַפט דאָס אַוועקגיין פון דעם באַליבטן לערער לייבל כאַנוקאָף ע״ה, די פאַרוואַלטערס: אברהם שווייד ע״ה, ישראל גרשון גאָטליב ע״ה.

זיי זיינען געווען גוטע יידן, איידעלע, האַרציקע, איבערגעגעבענע קולטיר־מענטשן וואָס האָבן אַ סך געטאָן פאַר אונדזער שול־באַוועגונג.

כבוד זייער אָנדענק!

## די נייע שלום־עליכם שול 2, מאַנהעטן

די נייע ש״ע שול 2, וואָס האָט זיך היי־יאָר געעפנט אויף דער וועסט־סייד פון מאַנהעטן, האָט אָנגעהויבן אין סעפּטעמבער טימ אַ פאָרשול און ערשטן קלאַס און מיט אַ לערערין וואָס האָט אַרויסגערופן דעם ענטוזיאַזם פון קינדער און עלטערן.

איצט — אַז דאָס ערשטע יאָר ענדיקט זיך, זיינען מיר צופרידן מיט אַ דערפאָלגרייך לערן־יאָר. אונטער דער אָנפירונג פון דער לערערין, לאה גאָרדאָן, האָבן די קינדער געמאַכט באַדייטנדיקן פאָרשריט. יעדער יום־טוב איז געפייערט געוואָרן אויף אַ שעפערישן אופן און די קינדער האָבן אויפגענומען די עלטערן ווי געסט ביי חנוכה און פורים שמחות, ווי אויך ביים דריטן סדר. ביי יעדער געלעגנהייט האָבן די אויפטריטן פון די קינדער געמאַכט אַן איינדרוק אויף די דערוואַקסענע.

צום קומענדיקן זמן וועט צוקומען אַ קלאַס פון 5־יאָריקע און מיר דער־וואַרטן צו פאַרטאָפלען אונדזער איצטיקע צאָל תלמידים. אַחוץ דעם וועלן מיר איינפירן טאַנצן ווי אַ טייל פון פראָגראַם. דער אָפּקלאַנג וואָס די שול האָט געפונען ביי די עלטערן, ווי בכלל אין געגנט, גיבן אונדז די האָפענונג אַז די שול וועט זיך אַנטוויקלען און ווערן אַ וויכטיקע לערן־אינסטיטוציע.

## שלום־עליכם פאָלקשול 5, מאַנהעטן

שלום־עליכם שול 5 איז געגרינדעט געוואָרן מיט 10 יאָר צוריק, אין 1953, אין דער געגנט פון סטייוועסענט טאַון, אַ געמיינדע פון יונגע משפחות. צווישן די ערשטע גרינדער זיינען געווען מר. און מרס. בערנאַרד בערגסטיין, און מר. און מרס. פרץ מילבויער. מרס. ראָוז פעלדמאַן איז געווען די ערשטע פאָרזי־צערין פון שול. דאָס ערשטע יאָר איז די לערערין געווען עדנא קאָגאַן. מיט אַ יאָר שפּעטער איז פאָרמירט געוואָרן אַ פאָרשול־קלאַס, וואָס איז אָנגעפירט גע־וואָרן פון פייגל שמוקלער, און שפּעטער פון דער לערערין שרה פלאַסטריק.

צווישן די ערשטע עלטערן, וואָס האָבן אָנגעפירט מיט דער שול, דאַרף מען ספּעציעל דערמאָנען מרס. עוועלין מילער, וואָס איז געווען די קאַסירערין פון שול פאַר אַרום 7 יאָר צייט. שפּעטער האָבן אָנגעפירט מיט דער שול די לערער מאַראַ גאָלדבערג, מאָריס סינגערמאַן און איצט רחל קין.

אַ סך עלטערן אין דער שול, גיבן אָפּ צייט און ענערגיע, אַרויסצוהעלפן אין דער אַרבעט. צווישן די טעטיקסטע דאַרף מען דערמאָנען מרס. בלענטש מילבויער, וואָס איז די סעקרעטאַרין פון שול זייט זי איז געגרינדעט געוואָרן, און פרץ מילבויער, וועלכער ווידמעט זייער אַ סך צייט אויף קריגן די פינאַנצן פאַר דער שול. ער קען דינען ווי אַן אינספּיראַציע פאַר דער גאַנצער מיטגלידערשאַפט פון דער שול. מרס. העלען מייזער, אונדזער זייער פעאיקע קאַסירערין איז איינע פון די הויפּט־זיילן פון דער שול. אַנדערע עלטערן וואָס זיינען איצט אַקטיוו אין דער שול זיינען מרס. מארטא ליווי, מרס. סעלצער, ליפּסאָו, מרס. קאַץ, מרס. אָליקער, מרס. בערנשטיין און מרס. קאָראָ. מיר זיינען אויך גליקלעך

וואָס מר. דזשעק גילפאָרד, אַ פּראָמינענטער אַקטיאָר אויף דער ענגלישער בינע, ווענעס 2 קינדער לערנען אין שול, האָט צוגעטראָגן זיין טאַלאַנטפולע דינסט צו העלפן דער שול. מרס. מאלי מיטלמאַן, אונדזער פּראָזיצערין פאַר די לעצטע 2 יאָר, האָט געהאָלפן בויען די שול, דורך ווערבירן אַ סך נייע קינדער.

איצט ווערן געמאַכט ברייטע צוגרייטונגען צו דער צווייטער גראַדואירונג, וואָס אונדזער שול וועט האָבן, היינטיקן יוני. דאָס וועט זיין אַ גרויסע געשעע־ניש אין אונדזער שול־לעבן.

## שלום־עליכם שול 7. פאָרט עמבוי, ניו דזשוירזי

פון אַכצנטן אָקטאָבער 1920 ביז היינט האָט שול זיבן אין פּוירט עמבאי, כסדר עקסיסטירט און באַווירקט דאָס יידישע לעבן אין שטעטל. וואָלט אַ ייד פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן ביי אונדז און אַ זאָג געטאָן די צוויי ווערטער: „שלום־עליכם", מאַכט ניט אויס צי עס וואָלט געווען אַ ייד אָדער אַ גוי, יונג אָדער אַלט, וואָלט גלייך נאָכדעם געקומען דער ענטפער: דער אַדרעס פון דער שול, און אָנווייזונגען ווי אַזוי מען קומט אַהין.

אין די יובילייזשורנאַלן וואָס ש"ע שול זיבן האָט אָפּגעדרוקט ביי פאַר־שיידענע געלעגנהייטן זיינען פאַרשריבן געוואָרן זכרונות פון אונדזערע טוער. בלעטערנדיק אָט די זכרונות קען מען זען אַז עס איז ניט געווען קיין לייכטער באַרג אַרויף פאַר דער שול, אָבער דער וועג איז געווען באַגלייט מיט אמונה, אַז אונדזער דערציאונג איז די ריכטיקע, ווייל אַלע שול־טוער וואָס זיינען גע־שטאַנען ביים בראשית פון דער שול האָבן, קודם באַדאַרפט די שול, פאַר זייערע אייגענע קינדער. און אויב עס גייט אין שטאָלצירן קענען מיר זיך אי־בערנעמען אַז כמעט אַלע אונדזערע גראַדואַנטן זיינען אַקטיוו אין יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן וואו זיי זאָלן ניט זיין. צי דאָס איז אין שטאָט גופא צי זיי וואוינען אין די שכנותדיקע שטעט.

קען זיין, אַז די „מיטעלע יאָרן" פון אונדזער שול וואָלטן געהאַט אַ בעסערע מערכה ווען די שטאָט גופא וואָלט ניט דורכגעמאַכט דעם פּראָצעס וואָס עס גייען דורך אַ סך שטעט און שטעטלעך אין אַמעריקע. ביי אונדז אָבער איז פאָרגעקומען אַזאַ שינוי ווען אפילו די אַלגעמיינע באַפעלקערונג איז פאַרקלענערט געוואָרן, און די יוגנט, ספּעציעל די יידישע יוגנט האָט זיך פאַרקליבן אין אַן ערך 10 פאָרשטעטלעך אַרום די עמבאָיס. און ווען עס רעדט זיך וועגן אַריינברענגען קינדער פון די סובוירבס, דאַרפן מיר האָבן אין זינען אַז כאָטש מיר האָבן אַן אייגענע „מאַשין" וואָס פירט קינדער אין שול, נעמט פונדעסטוועגן אַ האַלבע שעה איין וועג צו דער שול און אַ האַלבע שעה פון דער שול. האָבן זיך טאַקע אָרגאַניזירט אין די ישובים צענטערן מיט סינאַגאָגעס און מיט שולן וואָס פאַר־שפּאָרן צייט. און ביים היינטיקן יידישן באַוואוסטזיין פון די עלטערן ווען דער וואוילזיין פון קינד איז פון גרויס וויכטיקייט, שפּאָרט מען צייט און מען שיקט דאָס קינד וואו עס איז נענטער. איז טאַקע אונדזער שול־פאַרוואַלטונג ערנסט באַזאָרגט וועגן דעם.

אין די לעצטע צען יאָר האָבן מיר פאַרלאָרן אַ ריי פון אונדזערע אַקטיווע

טוער, די חברים: ה. קויפמאַן, י. סימקין, שולמאַן, שאס, און חברה דזשעני גוטמאַן; פאַלט די הכבדה פון שאַפן דעם בודזשעט אויף עטלעכע, עלטערע פליי־צעס; איז עס אַ ביסל שווערער. מיר האָבן אָבער מיט זיך עטלעכע טוער, גראַדואירטע פון אונדזער שול, וואו זייערע קינדער לערנען, און דאָס באַווייזט אַז עס איז פאַראַן המשך, און די אַרבעט פון די ראשונים איז ניט געגאַנגען לאיבוד. לאָמיר אויך דערמאָנען, אַז דער פרויען־פאַראיין אַרום דער שול, וואָס איז דער עלטסטער פרויען־פאַראיין אין אונדזער שול־באַוועגונג טוט נאָך אַלץ געוויסנהאַפט זיין חלק אויפצוהאַלטן די שול.

דר. י. שאַצקי ע״ה, וואָס איז געווען אַ לערער ביי אונדז אין מיטלשול מיט יאָרן צוריק האָט אַמאָל געשריבן אין איינעם פון אונדזערע יובילייִ זשורנאַלן: „אין ים פון ׳דעליקאַטעסן יידישקייט׳ אין אַמעריקע, איז פּוירט־עמבוי אַ קולטור־צענטער״. אונדזער שול איז עס נאָך עד־היום. ווען מיר קענען נאָך פאַראינטערעסירן אַמאָל פערציק מענטשן און אַמאָל אויך הונדערט מענטשן, צו אַן עונג שבת, יום־טוב פייערונג, אָדער לעקציע, באַווייזט אַז מיר האָבן נאָך וואָס צו טאָן אין שטעטל, און אונדזער אַרבעט איז נאָך ניט פאַרענדיקט. אַז מען דאַרף ווייטער שלעפּן דעם וואָגן. זייענדיק געבענטשט מיט אַזעלכע אָפּטימיסטישע טוער וואָס זיינען געשטאַנען ביי דעם וויגעלע פון שול וועלן מיר זיכער געפינען אַן אויסוועג ווי אַזוי דורכקומען דעם קריזיס פון מיטליאָריקייט און ווייטער פאָרזעצן די שול־אַרבעט ביז מיר וועלן דערגרייכן די שיבה טובה, אַ גוטן עלטער.

## שלום־עליכם פאָלקשול 15, ברוקלין

שלום־עליכם פאָלקשול נומער פופצן צייכנט זיך אויס מיט דעם וואָס איר קולטור־אַרבעט אַרום דער שול איז ניט קיין צופעליקע. דער שול־בנין איז אַ קולטורעלע אינסטיטוציע אין דעם געגנט פון איסט פלאַטבוש, ברוקלין.

די שול פירט דורך אַלע 2 וואָכן אַן עונג שבת. דער עונג שבת האָט זיין איינגעשטעלטן נוסח: מען לייענט די סדרה פון דער וואָך. די סדרה ווערט איינגעטיילט לויט דער צאָל באַזוכער. יעדער איינער לייענט זיין סכום פסוקים. יעדער איינער לייענט עס אָדער אויף יידיש אָדער אויף לשון קודש. פאַרן לייענען ווערן געזונגען שבת לידער. נאָכן לייענען די סדרה ווערט די הפטורה פון דער וואָך אויסגעזונגען פון אַ חבר אויף לשון קודש און מיטן טראָפּ. נאָך דער הפטורה ווערט די סדרה פון וואָך אויסגעטייטשט פון דר. סיימאָן. דערמיט ווערט געענדיקט דער ערשטער טייל. נאָכדעם סערווירט מען טיי און קוכן. און נאָכן טרינקען טיי קומט דער צווייטער טייל — דער ליטעראַרישער טייל. עס ווערט פאָרגעלייענט פון אַ חבר אָדער חברה עפּעס פון דער יידישער ליטעראַטור, אָדער פון אַ נאָר־וואָס דערשינענעם אַרטיקל אין אַ זשורנאַל. ניט זעלטן ווערט געפירט נאָכן לייענען אַ דיסקוסיע וועגן דעם געלייענטן.

דורכן יאָר ווערן אויך דורכגעפירט ליטעראַרישע אָוונטן אין די „שאַ־בייסצענאַכטן״ — שבת־צונאַכטן. הייַ־יאָר זיינען דורכגעפירט געוואָרן אַזעל־

כע פיר אָוונטן צוויי פון די געסט זיינען געווען: דר. שלמה ביקל און שואל גוטמאַן. אַלע יאָר ווערט דורכגעפירט אַן אָוונט פאַרן שלום־עליכם פאָלקס־אינסטיטוט.

גאָר אַן אינטענסיווע קולטור־אַרבעט פירט דורך דער „פּרויען קולטור־קלוב" אַרום דער שול. אַלע חודש האָט ער אַ „לאָנטשן". עס איז ניט גלאַט קיין טרוקענער לאָנטשן. געוויינטלעך איז דאָ אַ לעקציע פון אַ יידישן שרייבער און פאָרלעזונג פון דער יידישער ליטעראַטור. חוץ די פיינע הכנסה וואָס די דאָזיקע לאָנטשנס ברענגען אַריין, צייכענען זיך אויס די דאָזיקע אונטער־נעמונגען מיט זייער הויכן קולטורעלן ניוואָ. די לאָנטשנס גרייטן צו פרויען פון דעם קלוב. יעדן חודש — אַן אַנדער פרוי. חוץ די אָפיציעלע לאָנטשנס וואָס ווערן באַזוכט פון אַרום פופציק פרויען יעדן מאָל, האָבן די פרויען ספּעציעלע זיצונגען יעדן חודש. דאָס אַלץ האָט געשאַפן אַ גרויסע התקרבות צווישן די מיטגלידער און עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ גרויסע פריינדשאַפט, אַ משפחה־געפיל צווישן די חברות פון שול.

די שול געפינט זיך אין אַן אייגענעם בנין. אַ באַשיידענער בנין, וואָס איז אַ ביסל ענגלעך. עס איז אַ גאַנצע שול. עס מיינט מען לערנט פינף טעג אַ וואָך. צוליב דער אינטענסיווער טעטיקייט פון דער קולטור אַרבעט אַרום דער שול מוזן מיר האָבן אַ באַצאָלטן סעקרעטאַר. דער בודזשעט פון דער שול איז פולע צען טויזנט דאָלער, וואָס איז זייער אַ גרויסער יאָך און שטערט צו פאַרברייטערן די אַרבעט.

עס איז אַ שאָד, וואָס צוליב אונדזער פינאַנציעלער לאַגע קענען מיר ניט באַקאָנען דעם ברייטן יידישן עולם אין ניו־יאָרק מיט אונדזער פאַרצווייגטער אַרבעט. דער פּאָרזיצער איז: מאיר סמיט, דער פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַר: דר. שלמה סיימאָן, דער פינאַנץ־סעקרעטאַר: דר. בנימין סאלקאָוו, די פאַרוואַלטער: חבר און חברה משה וויסאָקי, חבר און חברה לעאָן מאָגיל, יחזקאל פורמאַן, חברה פרומע פייפער, חברה לאה סיימאָן, דער לערער: חנן קיעל, סעקרעטאַרין: אסתר בורשטיין, פּאָרזיצער פון חברה תנ"ך יחזקאל פורמאַן, פּאָרזיצערין פון דעם פרויען־קלוב: פרומע פייפער.

## שלום־עליכם פאָלקשול 19, ברוקלין

וואָס שאַפט דעם פּרצוף פון אַ שול? כלפּי חוץ: אַ שיינער בנין, שיינע ליכטיקע צימערן און פיינע אויסגעמעבלירטע קלאַסן.

פון נאָך אַ גרעסערער וויכטיקייט: די צאָל תלמידים און די לענג פון זייער באַזוך. אָבער וויכטיקער פון אַלץ איז יענע גייסטיקע טעמפּעראַטור, וואָס הילט איין דאָס וועזן פון דער דאָזיקער אינסטיטוציע. די דאָזיקע אַטמאָספערע ווערט געשאַפן פון די בויער, שעפער און לערער, וואָס וואַרעמען מיט זייער אָטעם און צערטלען מיט זייער ליבשאַפט זייער אויסגעחלומט באַשעפעניש — די יידישע שול.

פיל שולן מיט גרויסע שיינע בנינים זיינען אונטערגעגאַנגען. דאָרטן,

וואו עס האָט געפּעלט די גרויסע עקשנות פון געצײילטע בויער, פאַר וועלכע די שול האָט געמיינט זייער לעבן — האָבן בנינים און פאָנדן ניט געהאָלפן.

די שלום־עליכם פאָלקשול 19 איז איינע פון די עלטסטע שולן ביים שלום־עליכם פאָלקס־אינסטיטוט, יאָרן זיינען געלאָפן, דורות האָבן זיך געביטן, און דער ערשטער דור בויערס האָט נישט אָפּגעלאָזט די הענט ביז זיי האָבן דערפילט, אַז נייע פרישע הענט נעמען איבער די משא. און ביז היינטיקן טאָג טרעפן מיר אין דער שול בויערס פון ערשטן דור, בויערס פון צווייטן דור און די פרישע בויערס פון דריטן דור.

דורך די צענדליקער יאָרן פון איר עקסיסטענץ האָט די שול 19 צע־וויקלט אַ פילפאַרביקע פּאַנאָראַמע פון יידיש קולטור־לעבן. ווער קאָן פאַרגעסן די ראשונים, די יסוד לייגער פון דער דאָזיקער שול? די קוועקזילבערדיקע חבר און חברטע גאָלדשייד, פאַר וועמען קיין שום אַרבעט איז ניט געווען צו שווער. די שטילע באַשיידענע — דאָך פעסטע זיילן — חבר און חברטע קרוג־מאַן, וואָס היטן ביזן היינטיקן טאָג זייער שול, ווי דאָס אויג אין קאָפּ. די געטרייע חברים באַרטשענקא, די וואונדערלעכע פאָלקסמענטשן, וואָס שטייען ביז היינט ביי דער שיל — און זיינען אַלע מאָל גרייט. די חברים פיין — די איבערגעגעבענע מענטשן, וואָס האָבן ווי געשוואוירן אייביקע ליבע צו דער שיל. ווער קאָן פאַרגעסן די שטילע אין האַרציקע חברים זאַקס, וואָס זיינען תמיד געשטאַנען אויף דער וואַך. און די חברים קיטייער, קאַץ און שפּירא וואָס האָבן אַוועקגעגעבן טעג און נעכט פאַר דער שול.

דאָס זיינען געווען די טעג, ווען דער ברויזנדיקער לערער מ. בזשאזע האָט געשאַפן אין אָנגעפּירט אַ קאָכיקע טעטיקייט אין דער שול 19. יעדער לערער האָט געלייגט זיין חותם אויף דער קולטור־אַרבעט; ל. שפּיטאַלניק מיט זיין ליטעראַרישן באַלעמער, מיט זיינע לעקציעס און דעבאַטעס. חבר גודלמאַן מיט זיין סיסטעמאַטישקייט, מיט זיין פיינעם איינשטעל פון קלאַסן, סיי פאַר די קינדער סיי פאַר דערוואַקסענע, מיט זיין אומדערמידלעכן שאַפן פּעדאַגאָגישע מאַטעריאַלן סיי פאַר זיין שול, סיי פאַר אַלע אַנדערע שולן.

דער צווייטער דור איז אָנגעקומען: נייע פרישע הענט האָבן אונטער־געכאַפּט די משא און זי ווייטער געטראָגן, דער ערשטער דור בויער האָט גע־שמייכלט און הנאה געהאַט: די נייע טאַטעס און מאַמעס פון דער שול נעמען איבער די אַרבעט. דער צווייטער דור — נאָך אַלץ געקנאָטן פון דעם זעלביקן טייג ווי דער ערשטער.

די איידעלע און אינטעליגענטע חברים ספּעטאַלניק לייגן צו אַ האַנט צו דער אַרבעט. די חברטע ספּעטאַלניק — די נייע הויפּט־סעקרעטאַרין ווייזט זיך אַרויס צו זיין אַ ווירדיקע יורשטע פון עלטערן דור. און ווי אַ געבוירן פאַר האָט חברטע ספּעטאַלניק זיך באַהעפט מיט דער קאַסירערין — מיט דער שטילער באַשיידענער חברטע דיטאַן. די חברים און חברטעס פּרייס און גילמאַן קומען צו. חברטע פּריים מיט איר זויבערן פיינעם היימישן יידיש שאַפט פּראַטאָקאָלן וואָס איז אַ נחת צו הערן. חבר אין חברטע גאָלדבערג ווערן אַ טייל פון דער דאָזיקער פיינער קולטור־גרופּע.

צו די דאָזיקע חברים און חברטעס זיינען אין גיכן צוגעשטאַנען מיטגלידער פון דער געוועזענער שלום־עליכם פאָלקשול 11: חבר און חב־טע מאָנטשער, וואָס האָבן זיך פאַרבענקט נאָך אַ שלום־עליכמדיק קולטור־ווינקל, און ועל כולם: יוסף פאָגעל ע״ה — איינער פון אונדזערע פיינסטע קולטור־טרעגער. געווען אַ מאָמענט אַזאַ, ווען עס האָט זיך אים געדוכט, אַז ער איז אַ קאַפּעטשקע מיד פון דער אַרבעט, אָבער באַגייסטערט פון דער דאָזיקער יונגער גרופּע, איז ער אין גיכן געוואָרן זייער פּאָרזיצער. אַ דראַמאַטישע סעקציע איז אין גיכן געבוירן געוואָרן צווישן דעם דאָזיקן לעבעדיקן עולם, און איבער נאַכט איז חבר פאָגעל געוואָרן זייער רעזשיסער. אַך, וויפל פרייד האָט די דאָזיקע דראַמאַטישע קליין־קונסט פאַרשאַפן. פאַרשטייט זיך, אַז דער לערער י. גויכבערג איז מיטגעריסן געוואָרן און אויך זיין חלק אַריינגעבראָכט אין דער דאָזיקער אַרבעט.

באַזונדערס יידישלעך וואַרעם און באַטעמט זיינען געווען די פּרייטיק־דיקע עונג שבתן, וואו מען האָט פאַרבראַכט מיט שבתדיקער נגינה, מיט יידישן וואָרט און מיט אָפטע שפּאַסיקע פאַרמעסטן („פּראָפעסאָר קוויז״, בלע״ז) אין תנ״ך און אין פאָלקלאָר.

שוין אַכצן יאָר זיינען אַוועק זינט דער איצטיקער לערער י. גויכבערג האָט איבערגענומען די אַרבעט אין שול 19. מיט דריי יאָר צוריק האָט די שול איבערגעלעבט אַ קריזיס: איניקע וויכטיקע שול־טוער האָבן זיך אַרויסגעצויגן פון דער געגנט, קיין נייע טוערס האָבן זיך ניט געוויזן.

אָבער דער אייזערנער ווילן פון אונדזער חברטע גאָלדשייד האָט גובר געווען: זי האָט זיך מיט פרישן אימפּעט אַריינגעוואָרפן צווישן די נייע עלטערן. און „אַ יידישע נשמה איז גאָרניט אָפּצושאַצן״.

פרישע כוחות זיינען געבוירן געוואָרן. אַ גרופּע נייע עלטערן איז צוגעשטאַנען צו דער אַרבעט. צוויי יונגע מאַמעס האָבן געוויזן דעם וועג צו דער יידישער שול: די חברטע מילי גודמאַן און די חברטע שירלי זינגער. חברטע גודמאַן מיט איר ענערגישן כאַראַקטער, מיט אירע אויסערגעוויינטלעכע אָר־גאַניזיר־פעאיקייטן און חברטע זינגער מיט איר וואַרעמער האַרציקייט. נייע אינטעליגענטע מאַמעס זיינען צוגעצויגן געוואָרן: חברטע שוואַרץ, חברטע ווייסבראָט (אַ פּראָדוקט פון דער וועלטלעכער שול) און אחרון חביב: חברטע וואַלפּוס — אַליין אַ פּאָבליק סקול לערערין און אַ באַגאַבטער מענטש מיט מויל און פען. אַזוי איז געשאַפן געוואָרן דער איצטיקער טריאומוויראַט: חברטע גודמאַן — פאָרזיצערין, חברטע זינגער — סעקרעטאַרין און חברטע וואַלפּוס — קאַסירערין.

די קליינע גרופּע מיט דער הילף פון די עלטערע טוערס פירן ווייטער די שלום־עליכם שול 19. דער געלונגענער פּסח־סדר פון עלטערן און קינדער האָט באַוויזן, וואָס אַ קליינע באַשיידענע גרופּע עלטערן קאָן אויפטאָן, ווען זיי וואַרפן זיך אַריין אין דער אַרבעט בלב ונפש.

# שלום־עליכם שול 21, בראָנקס

שול 21 האָט אין 1958 דורכגעלעבט אַן ערנסטן קריזיס — דער פייער־דעפּאַרטמענט האָט פאַרבאָטן צו לערנען אין דעם בנין פון שול. די פראַגע איז געווען וואָס וועט זיין ווייטער? ווען מיר זיין געצוואונגען צו פאַרמאַכן אונדזער שול וואָס האָט שוין אַריינגעשריבן אַזאַ ליכטיקן קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון די שלום־עליכם שולן? און דער ענטפער איז געקומען פון דער מוטער־אָרגאַניזאַציע, פונעם אינסטיטוט און זיינע פאָרשטייער — חברים מ. גורין, ע״ה, און יעקב דוד בערג. חבר גורין האָט געלאָזט וויסן, אַז ער ווערט אַ מיטגליד אין דער בוי־קאָמיסיע און דאָ אויפן ראָג גאַס בעינברידזש עווענױ און 208טע גאַס וועלן מיר אויפבויען אַ יידישן קולטור צענטער און אַ היים פאַר דער שול. די שול־טוער האָבן סקעפּטיש געקוועטשט מיט די פּלייצעס און מיט אַ ניט־זיכערדיקן טאָן צוגעשטימט צום פּלאַן וואָס חבר מ. גורין, ע״ה, האָט פאָרגע־שלאָגן, און די אַרבעט פאַרן נייעם בנין האָט זיך אָנגעהויבן. חבר אברהם הילדעס, ע״ה, וואָס האָט אַלע מאָל געחלומט וועגן אַ נייעם שיינעם בנין פאַר דער שול, איז אַ באַגייסטערטער צוגעטראָטן צו דער אַרבעט. און אַזוי איז געשאַפן געוואָרן אַ קאָמיסיע וואָס איז באַשטאַנען פון די צוויי חברים — וואָס זיינען איצט מער ניטאָ מיט אונדז, — פון חבר בערג, זיין זון סידני, דוד גילדין, שאַיע ליפשיץ און אַנדערע חברים פון דער שול.

אין סעפּטעמבער 1960, איז נאָך אַ סך מי און עגמת־נפש פאַרענדיקט געוואָרן דער בנין. מיט דער דערעפענונג פון דעם נייעם בנין האָט שול 21 אָנגעהויבן אַ ניי קאַפּיטל געשיכטע. צוליב דעם וואָס מיר האָבן זיך אין 1959 געמוזט אַריבערקלייבן אין אַ פּאָבליק סקול, ווייט פון דער געגנט וואו שול 21 האָט עקסיסטירט במשך פון 28 יאָר, האָבן מיר פאַרלוירן כמעט אַ העלפט פון די שול־קינדער. מיר האָבן דעריבער געמוזט אָנהייבן בויען די שול פון דאָס ניי. איצט קענען מיר מיט פרייד באַריכטן, אַז עס לערנען זיך שוין אין אונ־דזער שול אַרום 100 קינדער, אַז די שעהען פון לערנען זיינען פאַרלענגערט געוואָרן, און אַז אונדזער גאַנצע שול־משפחה איז שטאַרק פאַרגרעסערט געוואָרן. דער עלטערן־פאַראיין איז געוואָרן אַן אַקטיווער צווייג אין אונדזער שול. נייע, יונגע מענטשן וואָס זיינען מיטגלידער אין פאַראיין און אין דער פאַרוואַלטונג, האָבן אַריינגעבראַכט לעבן אין דער שול. מיר האָבן ניט פאַרגעסן די ווערטער פון חבר משה גורין, ע״ה, אַז דאָ אין אונדזער געגנט מוז שול 21 ווערן אַ יידישער קולטור־צענטער. מיר האָבן אָנגעהויבן צו בויען דעם צענטער וואָס מיר האָבן אַגב, אַ נאָמען געגעבן „משה גורין צענטער״. אַחוץ שרייבער־אָוונטן, פאַר־שיידענע לעקציעס זיינען אויך אָרגאַניזירט געוואָרן קלאַסן פאַר דערוואַקסענע — מיט דער הילף פון אברהם הילדעס פאָנד, — מיט אַזעלכע אָנגעזעענע לערער ווי שואל גוטמאַן, עזריאל נאַקס און יהושע האָכשטיין. עס איז אויך אָרגאַני־זירט געוואָרן אַ קלאַס אויף צו לערנען יידיש, מיט די לערערינס בלומע לעדער־הענדלער און היי־יאָר געלע פישמאַן. אויף דער איניציאַטיוו פון חבר שואל גוטמאַן זיינען היי־יאָר דורכגעפירט געוואָרן מיט גרויס דערפאָלג 7 קבלת שבתים. אויף יעדן קבלת־שבת האָט אַ חבר גערעדט אויף אַ טעמע וואָס האָט אַ שייכות

מיטן יידישן לעבן. די קבלת שבתים האָבן אַרויסגערופן אַ סך אינטערעס.

אונדזערע קינדער יום־טובים האָבן געקראָגן אַ שם אין דער געגנט. הונ־דערטער מענטשן זיינען געקומען צו די פייערונגען. צום פּורים־קאַרניוואַל זיינען געקומען אַרום 150 קינדער. די ביכער אויסשטעלונג לכבוד דעם יידישן ביכער־חודש האָט געבראַכט אַ גרויסן עולם וואָס האָט געקויפט יידישע ביכער און ענגלישע ביכער אויף יידישע טעמעס פאַר מער ווי 500$. די טוער פון שול 21 קוקן מיט פרייד און צופרידנקייט אויף דער אויסגעברייטערטער אַרבעט פון דער שול, און זיי גלויבן מיטן גאַנצן האַרצן, אַז דער חלום פון די חברים משה גורין ע״ה, און אברהם הילדעס ע״ה, וועט מקוים ווערן — אַ גרויסע יידישע שול און אַ יידישער צענטער וועלן אויסוואַקסן. איבער אַ יאָר וועט די שול פייערן איר 35 יאָריקן יובילײ. מיר האָפן דורכצופירן די פייערונג אויף אַ שיינעם אופן ווי עס פּאַסט פאַר אונדזער שול.

די פאַרוואַלטונג פון דער שול באַשטייט פון די חברים: שאַיע ליפשיץ, דוד מענדעלסאָן, משה לעדערהענדלער, דוד אייזנמאַן, מענדל האָפמאַן, עזרא טאלפין, פיליפ קאַנטאָר, ש. פּאַלעווסקי, י. ריימער, ל. ליווי, ר. קויפמאַן, פאַניע לאַפּין, י. קאַגנאָ, ב. פלאטקין, וו. אַבראַמאָוויטש, א. ניומאַן.

די באַאַמטע פון פרויען־קלוב זיינען: פאַניע לאַפּין, פּאָרזיצערין; פּאולא טאלפין, קאַסירערין; בעלא גאָלדשטיין, פּראָטאָקאָל סעקרעטאַרין; שרה פעלד־שטיין, קאָרעספּאָנדענץ־סעקרעטאַרין.

די פּאָרזיצערין פון עלטערן פאַראיין איז מרס. עליין אפּעל; די סעקרעטאַרין איז מרס. ליליאַן רודין און די קאַסירערין אי ז מרס. בלענטש ליבמאַן.

דער לערער פּערסאָנאַל באַשטייט פון חבר משה גאָלדשטיין, בלומע לע־דערהענדלער, און מרים האָפמאַן.

## שלום־עליכם שול 34, ברוקלין

די שלום־עליכם שול 34 אין באָראָ פּאַרק, פאַרענדיקט היי־יאָר דאָס 36טע יאָר פון איר עקסיסטענץ. די שול האָט הינטער זיך אַ לאַנגע און אינטערע־סאַנטע געשיכטע פון שול און קולטור־טעטיקייט. די שול איז געגרינדעט געוואָרן דורך די חברים דר. סינטאָוו און סענטער ע״ה, און זיי צו לענגערע יאָר זאַר און ביטשער. אין משך פון די יאָרן האָבן זיך פאַרוואַלטונגען געביטן. עס איז שווער אין קורצן איבערצוגעבן דעם גאַנצן וועג פון שווערע און אויך פון פריידיקע מאָמענטן אינעם לעבן פון דער שול. די לערער זיינען געשטאַנען לאַנגע צייט־אָפּשניטן ביי דער שול. אַזוי איז ל. כאַנוקאָוו ע״ה געווען לערער 7 יאָר, ז. קורמאַן — 8 יאָר, נ. סוסעל — 4 יאָר, שלמה גאָלדמאַן — 6 יאָר. די שול האָט אַן אייגענעם מאָדערנעם בנין.

אין 1959 האָט די שול געליטן אַ גרויסן פאַרלוסט צוליב דער פּטירה פון אונדזער איבערגעגעבענעם שול־טוער חבר יואל פינקעל, ע״ה. ער האָט געקויפט די נחלה פאַר אונדזער שול און זי איבערגעבויט, כדי צוצופּאַסן פאַר אַ שול. ח׳ פינקעל האָט אויך אינזינען געהאַט די צוקונפט פון דער שול. די משפחה

פינקל העלפט דער שול מיט אַ ברייטער האַנט, אַזוי ווי ח׳ יואל פינקל ע״ה פלעגט דאָס טאָן. אַ דאַנק דעם קענען מיר די שול אויסהאַלטן בכבוד.

הײַ־יאָר האָבן מיר פאַרלוירן דעם איבערגעגעבענעם שול־טוער, י. לאַנג ע״ה. די געגנט האָט זיך שטאַרק געביטן און די שול האָט פון דעם זייער געליטן, אָבער הײַנטיקס יאָר האָט זיך די צאָל קינדער פאַרגרעסערט, אַ דאַנק אונדזער נייער לערערין, שושנה דאוויד, וואָס איז דערפאָלגרייך מיט די קינדער און מיט די עלטערן און איז דערצו אַן איבערגעגעבענער מענטש. מיר האָבן אויך אַ גרעסערע קינדערגאָרטן־גרופּע אונטער דער אָנפירונג פון דער לערערין יוכבד דאָלינסקי. עס איז געגרינדעט געוואָרן אַן עלטערן פאַר־איין וואָס אַרבעט זייער גוט. אונדזער פאַרוואַלטונג כאָטש קליין אין צאָל, איז גרויס אין איבערגעגעבנקייט. זי באַשטייט פון די חברים אפעלבוים, בתיה פינקל, הילדא לאנג, מינקאָוויץ, שאכנער, שווארץ און שולץ.

## שלום־עליכם שול 35, לאָנג איילאַנד סיטי

מיט 12 יאָר צוריק האָבן אַ גרופּע עלטערן־גראַדואַנטן פון יידיש־וועלטלעכע שולן באַשלאָסן צו גרינדן אַ שלום־עליכם שול פאַר זייערע קינדער. אַ קאָמיטעט האָט אָנגעהויבן ווערבירן קינדער, געדונגען אַ קראָם און אָנגעשטעלט איידע גאָלדמאַן ווי די לערערין. אין משך פון די יאָרן איז די קראָם, מיט דער הילף פון איבערגעגעבענע עלטערן און די ביישטייערונגען פון יעקב בערג און דזשעק בראקארזש, געוואָרן פאַרוואַנדלט אין אַ פיין קלאַס־צימער מיט אַן אָנגענעמער אַטמאָספער.

אונדזער שול האָט אַ גאַנצע סעריע שוועריקייטן בייצוקומען: זי האָט אויסצושטיין קאָנקורענץ מצד אַן אָרטאָדאָקסישער שול, מצד אַ קאָנסערוואַטי־ווער קאָנגרעגאַציע און אַ רעפאָרם־טעמפּל. דערצו איז פאַראַן די צרה פון געוויסע עלטערן וואָס באַנוגענען זיך מיט דער בר מצוה און פאַר וועמען אונדזער קוריקולום איז „צו אינטענסיוו״.

די אויפגאַבע איינצוהאַלטן די שול פאַלט נאַטירלעך אויף די פּלייצעס פון אַ קליינער גרופּע פון דעדיקירטע טוער. מ׳דאַרף מאַכן גרויסע אָנשטרענ־גונגען צו קענען נאָכקומען די שטייגנדיקע אויסגאַבן. מיר האָבן רעגולערע טעאַטער־אונטערנעמונגען, אַ יערלעכן זשורנאַל, אַ באַזאַר א. ד. ג. אַחוץ דעם האָבן מיר לעקציעס פאַר דערוואַקסענע, ליטעראַרישע דיסקוסיעס, און קלאַסן אין יידיש פאַר עלטערן. אַזוי אַרום איז די שול געוואָרן — פריער אונטער דער פירערשאַפט פון איידע גאָלדמאַן און איצט אונטער משה סיגאַלאָווסקי — אַן אינסטיטוציע פאַר יידישער קולטור און פאַר בעסערער יידישער דער־ציאונג. אונדזערע קינדער האָבן זיך אַלע מאָל אויסגעצייכנט אויף צענטראַלע עקזאַמענס, איינקע האָבן באַקומען פּריזן און אַ געוויסע צאָל באַזוכן די מיטל־שול.

# שלום־עליכם שול 44, פלאַשינג

מיט 11 יאָר צוריק, האָט אַ גרופּע עלטערן באַשלאָסן אַז זיי דאַרפֿן האָבן אַ יידיש־וועלטלעכע שול פֿאַר זייערע קינדער. צוואַנציק קינדער זיינען רעגיסטרירט געוואָרן און מיט דער הילף פֿון ש״ע אינסטיטוט איז די שול נומ. 44 געעפֿנט געוואָרן. די ערשטע אַכט יאָר אין איר עקסיסטענץ האָט די שול געהאַט גרויסע שוועריקייטן צו געפֿינען אַ פּאַסיקע דירה. מיר האָבן געמוזט אָפּהאַלטן די קלאַסן אין דער פּאַבליק סקול, און צוליב דעם האָבן אַלע אונדזערע זיצונגען און פֿאַרוויילונגען געמוזט פֿאָרקומען אין היימען. די שוועריקייטן אויפֿצוהאַלטן די שול צו געפֿינען די פֿינאַנציעלע מיטלען, און גלייכצייטיק צו דערציען די עלטערן זיינען אין אָנהויב געווען אַזוי גרויס אַז ס׳האָט אויסגעזען אַז מיר וועלן לאַנג נישט קענען אויסהאַלטן. אָבער, מיט דער איבערגעבנקייט פֿון לערער און דער אונטערשטיצונג פֿון ש״ע אינסטיטוט, פֿלעגן אַ פּאָר עלטערן אַלע מאָל צולייגן אַ האַנט, און פֿאַרנעמען דעם פּלאַץ פֿון די פּעסימיסטן. און עס איז געשען אַ נס — די שול האָט זיך אַלע יאָר געעפֿנט.

מיר האָבן אָנגעהויבן קריגן אַ ביסל נחת ווען מיר האָבן געזען ווי אונדזערע קינדער לערנען זיך און אַז עס קומט פֿאַר די ערשטע גראַדואירונג. מיט יעדן יאָר איז די צאָל בר מצוות געוואַקסן. דאַן אין 1961, האָט זיך געעפֿנט אין אונדזער געגנט אַ קאָאָפּעראַטיווער פּראָיעקט און מיר האָבן געקראָגן די מעגלעכקייט זיך צו „באַפֿרייען״ פֿון די באַגרענעצטקייטן אין דער פּאַבליק סקול. מיר האָבן געוואַגט צו דינגען אַ פּראָפֿעסיאָנעלן אַפּאַרטמענט אויף 50־71 פֿאַר־סאָנס בולעוואַרד, פֿלאַשינג. די דירה־געלט איז לויט אונדזערע מעגלעכקייטן, געוואַלדיק גרויס, אָבער מיר האָבן ענדלעך אַ „היים״. מיר האָבן פֿאַרגרעסערט די צאָל קינדער און מיר האָבן געעפֿנט אַ פֿאָרשול — און קינדערגאָרטן־קלאַס, וואָס לערנט יעדן זונטיק אינדערפֿרי; אין אונדזער שול לערנט מען 4 טעג אַ וואָך. מער עלטערן באַטייליקן זיך אין דער שול־אַרבעט און מיר האָבן גוטע אויסזיכטן צו וואַקסן.

צווישן אונדזערע אַקטיווע עלטערן, וואָס זיינען אַליין גראַדואַנטן פֿון די שלום־עליכם שולן געפֿינען זיך פֿרוי זאַפּראַן, פֿרוי קאָהען און פֿרוי סאַלאַמאַן. אין אונדזער פֿאַרוואַלטונג האָבן מיר אויך עטלעכע דעדיקירטע ייִדעס ווי פֿריינד ל. קעניגסבערג, פֿריינד סימאָן און אַנדערע, וועמעס אייניקלעך עס לערנען ביי אונדז אין שול. ספּעציעל זיינען מיר גליקלעך מיט אונדזער פֿאַרוואַלטערין סטעקלער, וואָס איז גאַנץ אָפֿט געווען איינע אַליין אין איר קאַמף אויפֿצוהאַלטן די שול. מיר זיינען צופֿרידן מיט איר אַרבעט און מיט איר פֿרייד און מיר זאָגן צו צו אַרבעטן צוזאַמען מיט איר אין דעם זעלביקן גייסט, ווי זי האָט דעמאָנסטרירט איר איבערגעגעבנקייט. צווישן די לערער וואָס האָבן אַריינגעלייגט אַ סך כוחות און אידעאַליזם אין דער שווערער בראשית־צייט דאַרף דערמאָנט ווערן די צוויי שוועסטער ראָז קאָוואַרסקי ע״ה און איר צו לענגערע יאָר — די דינאַמישע אידאַ פֿיינערמאַן.

איצט זיינען מיר גליקלעך צו האָבן אונדזער לערערין פֿרוי איידע גאָלדמאַן.

